# כעלעמער מעשיות

געזאַמלט
און
באַאַרבעט

פון **מ. קיפּניס** 

פאַרלאַג ש. צוקער ווארשע

יעדעס פאָלק האָט זיין „קלוגע שטאָט".

יעדעס לאַנד האָט זיין שטאָט פון וועלכער מען דערציילט קאָמישע, נאַרישע און לאַכנדיקע מעשיות.

מיר יידן האָבן — כעלם.

כעלם מיט אירע מעשיות, איז מפורסם איבער דער גאָרער וועלט אונטערן נאָמען:

„כעלעמער מעשיות".

„כעלעמער נאַראָנים".

מען וויצלט זיך אויך און מען זאָגט, אַז די כעלעמער הייסן שוין נישט כעלעמער נאַראָנים, נאָר כעלעמער נאַרן, ווייל זיי אַליין זענען קלוג, נאָר זיי נאַרן אַנדערע...

אַ פאַקט איז אָבער, אַז, וואו נאָר אַ יידישער ישוב — דאָרט ווייסט מען פון כעלם, און פון כעלעמער מעשיות.

כעלם איז אַזוי שטאַרק פּאָפּולער ביים פאָלק, אַז וואו נאָר אַ קאָמישע און אַבסורדאַלע נאַרישע מעשה, איז מען זי מיחס צו כעלם:

— ס'איז אַ כעלעמער מעשה!

— ס'האָט פּאַסירט אין כעלם! — זאָגט מען, אויסהערנדיק אַ לאַכנדיקע מעשה, וואָס לייגט זיך נישט אויפן שכל און די גאַנצע חכמה פון דער מעשה איז — די נאַרישקייט אירע...

אין מיין דאָזיקער באַאַרבעטער זאַמלונג, וואָס איך ברענג פאַר דער עפנטלעכקייט, האָב איך זיך באַמיט — אויף וויפיל ס'איז מיר אינגאַנצן געלונגען — צו געבן דעם אויסוואַל פון די כעלעמער מעשיות, וועלכע טראָגן אויף זיך דעם פאָלקסטימלעכן שטעמפּל, שטייגער און אייגנאַרטיקייט מיט וועלכע עכטע כעלעמער מעשיות צייכענען זיך אויס.

מ. ק.

## פון אַ פאָלקס-לעגענדע.

בּעת גאָט האָט בּאַשאַפן די וועלט און געגאַנגען שאַפן דעם ישוב, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ מלאך מיט צוויי זעק נשמות. איין זאַק איז געווען אָנגעפילט מיט קלוגע נשמות און דער צווייטער — מיט סאַמע נאַרישע.

שוועבּנדיק אַזוי איבּערן כּדור-הארץ האָט ער געזייט פון דער הויך אויף דער ערד אַראָפּ די נשמות, אַ הויפן נאָך אַ הויפן. אַ הויפן קלוגע און אַ הויפן נאַרישע, און אַזוי האָט ער גלייך איינגעטיילט די וועלט, אַז עס זאָל נישט אויספאַלן פאַר איין שטאָט מער קלוגע אָדער נאַרישע נשמות, ווי פאַר דער צווייטער...

פליענדיק איבּערן אָרט, וואו איצט שטייט כעלם, האָט מיטן מלאך געטראָפן אַן אומגליק: ער האָט זיך פאַרטשעפּעט מיטן זאַק נאַרישע נשמות אָן שפּיץ בּאַרג. דער זאַק האָט זיך צעריסן און אַלע נאַרישע נשמות האָבּן זיך אויסגעשאָטן אויף איין אָרט...

און בּאַלד טאַקע איז אויסגעוואַקסן כעלם...

# אָפּגערוקט דעם באַרג פון שטאָט

כעלעמער יידן האָבן זיך אַמאָל אַרומגעקוקט, אַז דער הויכער באַרג אינמיטן שטאָט טויג זיי נישט: ער פאַרנעמט אַן אומזיסט אָרט, פאַרשטעלט בייטאָג די זון און ביינאַכט די לבנה, און פונקט — ווען מען דאַרף זי מחדש זיין...

וואָס־זשע טוט מען?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און ס'איז געבליבן, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדער מיטל, נאָר מען זאָל דעם באַרג מיט געוואַלט אַרויסרוקן פון שטאָט.

און כך הוה:

צומאָרגנס גאַנץ פרי האָבן זיך אַלע כעלעמער בעלי־בתים אַרויסגעלאָזט צום באַרג און גענומען אים שטופּן מיט אַלע כוחות, וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט.

האָבן זיי אים געשטופּט און געשטופּט עטלעכע שעה כסדר, ביז זיי זענען מיד און פאַרשוויצט געוואָרן שטופּנדיק.

האָט מען אויסגעטון די קאַפּאָטעס און ווייטער געשטופּט.

בינו־לבינו, בעת די בעלי־בתים זענען געווען שטאַרק פאַר־נומען מיטן שטופּן דעם באַרג, זענען געקומען גנבים און צוגעגנבעט אַלע קאַפּאָטעס...

אַז די בעלי־בתים האָבן זיך שפּעטער אויסגעקערעוועט און דערזען, אַז ס'זענען נישטאָ די קאַפּאָטעס, איז געוואָרן שמחה ושׂשׂון...

— אוי־וואַ, — האָבן זיי געפּליאַסקעט מיט די הענט פון גרויס שמחה — מיר האָבן שוין דעם באַרג אַזוי ווייט אָפּגעשטופּט, אַז מען זעט שוין אַפילו די קאַפּאָטעס נישט אַרויס...

# אַריינגעפּאַקט די לבנה אין אַ פּאַס...

אַז כעלעמער חכמים זענען געווען בכּוח אָפּצושטופּן דעם גרויסן באַרג פון שטאָט — דאָס לעגט זיך נאָך אויפן שכל, נאָר אַראָפּצוכאַפּן די לבנה פון הימל, דאָס איז שוין אַ זאַך למעלה מן השכל, און כעלם האָט דאָס באַוויזן...

ווי קומען די כעלעמער אַראָפּצוכאַפּן די לבנה און צוליב וואָס האָבן זיי דאָס געדאַרפט?

די מעשה איז פאָרגעקומען נישט צוליב, חלילה, מרידה פון כעלם קעגן רבונו של עולם, נאָר, פשוט — צוליב פרנסה...

כעלם איז דעמאָלט אין אַ זייער שלעכטן מצב געווען. די שטאָט־קהלה איז געווען אָרעם און די הצטרכותן פאַר דער שטאָט זענען געווען זייער גרויס: מען האָט געדאַרפט חתונה מאַכן דריי בוגרותן, וואָס דער אַלטער רב האָט איבערגעלאָזט; מ'האָט גע־דאַרפט אַ פאַרקאַן צום בית־עולם און אַ וואַרם־קעסל אין מקוה אַריין, און דאָס ערגסטע פון אַלץ איז געווען דער פּריץ פון כעלם, וואָס האָט אַלע טאָג געשיקט פרישע עקזעקוציעס אויפצומאָנען שטייערן און צינגשן.

איז מען אין כעלם אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ: וואו נעמט מען אַזוי פיל געלט פאַר די געוואַלטיקע הוצאות?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און עס איז געבליבן, אַז כעלם מוז אויסזוכן אַזאַ הכנסה־קוואַל, וואָס זאָל זיך קיינמאָל נישט אויסשעפּן — עפּעס אַזעלכעס, וואָס כעלם אַליין זאָל דאָס האָבן, און די גאַנצע וועלט זאָל צו כעלם דאַרפן אָנקומען און דערפאַר גוט באַצאָלן...

וואו־זשע נעמט מען אַזאַ זאַך?

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה און חכמי־כעלם האָבן

געטראַכט און געקנייטשט די מוחות אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מ'האָט געפונען:

— מ'דאַרף פאַקן די לבנה...

מ'דאַרף אַראָפּכאַפּן פון הימל די לבנה, אַריינשטעלן זי אין שול אַריין, און אַזוי ווי ס'וועט אין ערגעץ קיין לבנה נישט זיין, וועלן אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט פאָרן מחדש זיין די לבנה קיין כעלם און ס'וועט דערפון זיין אַ גאָר פיינע הכנסה...

ווי אַזוי פאַקט מען אָבער די לבנה?

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אספה, געטראַכט און געטראַכט זיבן טעג און זיבן נעכט.

ס'איז געווען אַ געדאַנק, אַז מען זאָל צונויפבינדן אַלע לייטערס פון שטאָט, מאַכן איין לאַנגן לייטער, אָנשפאַרן אים ביי דער אַלטער שול, און דער שמש זאָל אַרויפקלעטערן און אַראָפּשלעפן די לבנה.

האָט מען אָבער מורא געהאַט, אַזוי ווי ער איז אַ שלים-מזל, טאָמער פאַלט ער אַראָפּ און ווערט געהרגעט, וועט אויף דער שטאָט פאַלן אַ פרישער עול אויסצוהאַלטן זיין ווייב מיט די קינדער — האָט מען גאָר געטראַכט שיקן דעם שבת-גוי.

איז געוואָרן אַ געשריי:

— אַן ערל גאָך דער לבנה? ער וועט זי דאָך מטמא זיין!.. און וואָס טוט מען, אַז ער נעמט זי אַראָפּ און טראָגט זי גאָר אַוועק צו די גויים?..

הקיצור, האָט מען ווידער געטראַכט און געטראַכט און מ'האָט געפונען:

— מען זאָל אַוועקשטעלן נעבן דער שול אַ פאַס וואַסער, און אַז די לבנה וועט אַריינקריכן אין וואַסער אַריין, זאָל מען זי גיך פאַרבינדן מיט אַ גראָבן זאַק און פטור...

און — אומר ועושה!

אַרום האַלבער נאַכט איז דאָס געווען, אַז די לבנה האָט זיך שפּאַצירט אַ קלאָרע און א רואיקע אינמיטן הימל און נישט געוואוסט פון וואָס און ווען, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט די ראשי-

הקהל מיט אַ פּאַס וואַסער אויפן שול-הויף, און אַז די לבנה האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין וואַסער פון פּאַס, האָט מען זי אויף שנעל צוגעדעקט מיט אַ גראָבן זאַק, גוט פאַרבונדן און אַריינגעטראָגן אין שול אַריין. כעלם איז געווען זיכער, אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין נישטאָ קיין לבנה און אַלע יידן וועלן קומען קיין כעלם מחדש זיין די לבנה...

אויפן צווייטן חודש איז געקומען איינער און דערציילט, אַז ער האָט געזען אין טריסק מחדש זיין די לבנה, האָט ער גע-קריגן פאַר דעם ליגן געשלאָגן מכות-רצח... סטייטש, אַז די לבנה איז מיט אַ זאַק פאַרבונדן אין אַ פּאַס וואַסער און שטייט אין שוהל, ווי קומט זי גאָר קיין טריסק?

שפּעטער איז מען געקומען פון לודמיר און פון קאָוועל און דערציילט, אַז מ'האָט דאָרט אויך געזען מחדש זיין די לבנה, האָט מען אַלץ נישט געגלויבט—מאַלע, וואָס שונאים טראַכטן אויס.. — האָט מען זיך געטרייסט.

ערשט, אַז מ'האָט געזען, אַז קיינער קומט נישט, האָט מען אויפגעבונדן דאָס פּאַס און געזען, אַז די לבנה איז טאַקע נישטאָ— איז גאַנץ כעלם געפאַלן פון שרעק אויף דער ערד.

— פּלאי-פּלאים — האָט גאַנץ כעלם געשאָקלט מיט די קעפּ — אַזוי שטאַרק געווען באַהאַלטן און דאָך אַנטלאָפן... זעט אויס, אַז קיין גוט באַהעלטעניש איז שוין אויף דער וועלט גאָר נישטאָ...



# דער מלמד מיטן באָק

ביי אַ כעלעמער מלמד איז אַמאָל נישט געזונט געוואָרן דאָס ווייב, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ קליין שטעטל קויפֿן אַ ציג.

פֿירנדיק די ציג פֿאַר אַ שטריקל צוריק קיין כעלם, איז ער פֿאַרבייגעגאַנגען אַ קרעטשמע. דאָ טראַכט ער זיך, אַז גאָט האָט אים געהאָלפֿן און ער פֿירט אַן אייגענע ציג, דאַרף מען דאָך נעמען אַביסל בראָנפֿן.

האָט ער אַריינגעפֿירט די ציג אין שטאַל און איז אַריין אין קרעטשמע נעמען אַביסל בראָנפֿן.

דער קרעטשמער האָט דערקענט, אַז ס'איז אַ כעלעמער. האָט ער געטראַכט: מען דאַרף אים אָפּטון אַ שפּיצל. ער איז אַריין אין שטאַל, צוגענומען די ציג און אַוועקגעשטעלט אויף איר אָרט אַ באָק.

דער מלמד האָט גענומען אַ גלעזל בראָנפֿן מיט פֿאַרבייסן, דערנאָך איז ער אַריין אין שטאַל, גענומען דעם באָק פֿאַרן שטריקל און אַוועק.

געקומען אַהיים, איז געוואָרן ביי אים אין שטוב אַ גרויסע גדולה: אַ קלייניקייט עפּעס אַן אייגענע ציג! דאָס ווייב נעמט מעלקן די ציג — אַ קלאָג, אַ בראָך, עס מעלקט זיך נישט!

— שלים־מזל מיינער, מען האָט דאָך דיך אָפּגענאַרט — האָט זי זיך אויף אים צעשריגן — מען האָט דאָך דיר אַריינגערוקט אַ באָק אָנשטאָט אַ ציג...

דערזען אַזאַ זאַך, האָט ער אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי געכאַפּט דעם באָק און היידאַ צוריק אין קליין שטעטל אָפּנעמען דאָס געלט.

דורכגייענדיק די זעלבע קרעטשמע, האָט ער זיך געטראַכט:

אַז אויפֿן האַרץ איז נישט גוט, דאַרף מען דאָך ערשט נעמען אַביסל בראָנפֿן אויף צו שטאַרקן זיך... האָט ער אַרייַנגעפֿירט דעם באָק אין שטאַל אַרייַן און אַליין איז ער אַרייַנגעגאַנגען אין קרעטשמע נעמען אַביסל בראָנפֿן און דערציילט דעם קרעטשמער דאָס גאַנצע אומגליק, וואָס האָט אים געטראָפֿן: אַז מען האָט אים פֿאַרקויפֿט אַ ציג און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז ס'איז גאָר אַ באָק, און אַז ער פֿירט דעם באָק אָפּ צוריק אין שטעטל אַרייַן.

איז געגאַנגען דער קרעטשמער און האָט צוגענומען דעם באָק און צוריק אַוועקגעשטעלט די ציג...

דער מלמד האָט אויסגעטרונקען אַביסל בראָנפֿן, גענומען די ציג און אַוועק מיט איר אין שטעטל און געמאַכט אַ געוואַלט, אַז דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן.

— וואָס איז געשען?

— סטייטש, ווי אַזוי זאָל איך נישט שרייַען, אַז אָנשטאָט אַ ציג האָט מען מיר אַרייַנגעשטופּט אַ באָק — האָט ער זיך געוואָרפֿן אויפֿן ייִד, וואָס האָט אים די ציג פֿאַרקויפֿט — אָט האָט איר אים, דעם באָק!

— שוטה איינער, וואָס איר זענט! וואָס פֿאַר אַ באָק, ווער מיר באָק? — האָט מען גענומען פֿון אים לאַכן — ס'איז דאָך אַ ציג, נישט קיין באָק...

— וואָס ווילט איר מיר איינרעדן, אַז ס'איז אַ ציג, ס'איז פּאָרט אַ באָק! — האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו געוואַלטעווען.

הקיצור, דער ייִד האָט געשריגן, אַז ס'איז אַ ציג און דער כעלעמער מלמד — אַז ס'איז אַ באָק.

— אַ באָק!

— אַ ציג!

— אַ באָק!

— אַ ציג!

ער וועט נישט אַוועקגיין פֿונדאַנען, ביז מען וועט אים נישט געבן אַ כּתב פֿון רבֿ אַליין, אַז ס'איז אַ ציג, אַנדערש גלייבט ער נישט... — האָט דער ייִד געגעוואַלטעוועט.

זענען אַלע דריי אַוועק צום רב: דער ייד, וואָס האָט פאַר־קויפט די ציג, דער כעלעמער מלמד און די ציג אַליין.

דער רב פון שטעטל איז אויך געווען אַ קליינער ידען אין אַזעלכע זאַכן און האָט אויך נישט געוואוסט אויף זיכער, צי ס'איז אַ ציג, צי ס'איז אַ באָק, האָט ער אַריינגערופן די רביצן. האָט זי באַטראַכט די ציג פון אַלע זייטן און באַשטעטיקט, אַז ס'איז אַ ציג, און דער רב האָט אים אַרויסגעגעבן אַ כתב מיט זיין אייגענער חתימה, אַז ס'איז אַ ציג, נישט קיין באָק...

האָט דער מלמד גענומען די ציג מיטן כתב פון רב און האָט זיך געלאָזט אַהיים.

דורכגייענדיק ווידער די קרעטשמע, האָט ער זיך געטראַכט: אַזוי ווי גאָט האָט געהאָלפן, די ציג איז טאַקע אַ ציג און נישט קיין באָק און אַ כתב אויף דעם פון רב איז אויך דאָ — דאַרף מען דאָך טאַקע ערשט נעמען דאָס אמתע ביסל בראָנפן. האָט ער אַריינגעפירט די ציג אין שטאַל אַריין און אַליין איז ער אַריין אין קרעטשמע, צו נעמען אַביסל בראָנפן.

איז געגאנגען דער קרעטשמער, צוגענומען די ציג און אויף איר אָרט ווידער אַוועקגעשטעלט דעם באָק...

דער מלמד האָט אויסגעטרונקען אַביסל בראָנפן און זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיין סחורה קיין כעלם.

געקומען אַהיים, איז ער אָנגעפאַלן אויפן ווייב מיט זידלעריי און קללות: ס'טייטש, ווי אַזוי קאָן זיך נישט אַ יידישע טאָכטער אויף אַ ציג? ס'איז געווען אַ ציג און ס'איז אַ ציג און נאַ דיר און מעלק זי!

האָט די מלמדקע גענומען אַ קריגל און געפרואווט מעלקן. עס מעלקט זיך נישט...

— האָב דיר אכציק שוואַרצע יאָר, משלחת מיינער — איז זי אויף אים אַרויפגעפאַלן מיט קללות — ס'איז דאָך ווידער אַ באָק!

— וואָס רעדסטו אַ באָק, אַז איך האָב אַ כתב פון רב אַליין אַז ס'איז אַ ציג. מעלק, חוה, זאָג איך דיר, מעלק!

האָט זי גענומען שטאַרקער מעלקן, האָט דער באָק אָנגעהויבן בריקן מיט די פיס...

האָט דער מלמד גענומען צוהאַלטן דעם באָק פאַרן קאָפּ, האָט דער באָק אים געגעבן אזא שטויס מיט די הערנער, אַז ער האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעדרייט. האָט ער אים אָנגעכאַפּט פאַרן עק, האָט דער באָק זיך צעשפּרינגען און צעגאַלאָפּעט, גענומען לויפן און מיטשלעפּן מיט זיך דעם מלמד, קלאַפּנדיק אים מיט די הינטערשטע פיס גלייך אין פּנים אַריין...

אַזוי איז דער באָק געלאָפן איבער די כעלעמער גאַסן און דער מלמד האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט פאַרן עק און געשריגן:

— געוואַלט, יידן, ראַטעוועט!

איז גאַנץ כעלם אָנגעלאָפן און מען האָט נישט געוואוסט, ווי אַזוי צו ראַטעווען דעם מלמד, ביז ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פרעמדער און אַ געשריי געטון:

— וואָס שרייסטו, כעלעמער! לאָז אָפּ דעם עק, וועט ער דיך נישט מיטשלעפּן.

האָט ער אָפּגעלאָזן דעם עק און דער באָק איז אַליין אַוועקגעשפּרונגען...

אַז דער מלמד האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד, געעפנט די אויגן, געקומען צו זיך, האָט ער נישט געהאַט קיין ווערטער אָפּצודאַנקען דעם פרעמדן פאַר דער עצה, וואָס ער האָט אים געגעבן און אים מציל געווען פון א זיכערן טויט. ער האָט אויך נישט אויפגעהערט צו באַוואונדערן די קלוגע מענטשן, וואָס געפינען זיך נאָך אויף גאָטס וועלט...



# די מעשה מיט דער קאַץ...

א פרעמדער איז אַמאָל געקומען צופאָרן קיין כעלם, זעט ער, אַז בעת מען גרייט צום טיש עסן, לעגט מען אַ מעסער מיט אַ לעפל מיט עטלעכע ריטלעך פון אַ בעזעם... פרעגט ער, צו וואָס זענען די ריטלעך פון בעזעם אויפן טיש?

ענטפערט מען אים, אַז אַזוי ווי אין כעלם זענען דאָ אַ סך קליינע חיהלעך, וואָס מען רופט זיי מייז, און באַלד ווי מען זעצט זיך עסן, קומען זיי צו קריכן און רייסן דעם ביסן פון מויל, דערי־בער מוז מען גלייך מיט דעם מעסער און לעפל צוגרייטן אויך אַ בעזעם אויף אָפּצוטרייבן די מייז...

— קאָנט איר גאָר פון די מייז נישט פטור ווערן? — האָט דער פרעמדער זיך געוואונדערט.

— ווי אַזוי?

— ס'הייסט ווי אַזוי? — האָט ער די כעלעמער אָנגעקוקט — מיט אַ קאַץ.

כעלם האָט נאָך דעמאָלט קיין קאַץ נישט געזען...

האָבן זיי אים געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אַזוינס אַ קאַץ פאַר אַ חיה?

האָט ער זיי דערקלערט, אַז דאָס איז אַ מזיק, וואָס רוימט אויס די מייז.

— מיר וואָלטן אייך געגעבן וויפיל איר ווילט נאָר אַליין, אַז מיר זאָלן אַזאַ חיה קאָנען קריגן — האָבן זיי זיך גענומען בעטן.

— איך קאָן זי אייך ברענגען — האָט דער פרעמדער זיך דערפרייט.

האָט מען אים באַצאָלט אַן אוצר מיט געלט און ער האָט געבראַכט אַ קאַץ.

אין שטאָט איז געוואָרן אַ לעבן. די קאַץ האָט זיך באַלד געוואָרפן אויף די קליינע חיהלעך און אין אַ גאָר קורצער צייט האָט זי זיי אויסגעראָטן אַזוי, אַז מען האָט שוין געקאָנט עסן אָן אַ בעזעמל אויפן טיש...

האָט אָבער די קאַץ אָנגעהויבן אָנטון געוואַלטיקע צרות אין שטאָט. מ'האָט נישט געקאָנט אין ערגעץ אַוועקשטעלן אַ שטיקל פלייש, פוטער, סמעטענע וכדומה: אויף אַלץ איז זי אַ בעלן געווען און אַלץ האָט זי אויפגעפרעסן...

— אַ געפערלעכער מזיק — האָבן אַלע געשריגן. מען דאַרף זען פון איר פטור צו ווערן.

— ווי אַזוי־זשע ווערט מען פון איר פטור?

האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז מען זאָל נעמען די קאַץ, אַרויפטראָגן זי אויף אַ בוידעם און צו־נעמען דעם לייטער, וועט זי נישט קאָנען אַראָפּ און דאָרט בלייבן...

האָט מען אַזוי געטון.

אויף מאָרגן מ'גיט אַ קוק: די קאַץ איז ווידער דאָ.

האָט מען געמאַכט ווידער אַן אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי מ'האָט זי אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם און זי האָט געקאָנט אַראָפּ צוריק אָן אַ לייטער, איז זי אַנדערש נישט, ווי עפּעס אַ גלגול, אַ דיבוק און מען דאַרף איר געבן אַ תיקון.

וואָס־זשע פאַר אַ תיקון גיט מען איר?

האָט מען נאָך אַמאָל געמאַכט אַן אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז מען דאַרף זי נעמען שבת אין שול אַריין און געבן איר שלישי...

און אַזוי האָט מען געטון.

האָט מען זי געפירט שבת מיט פּאַראַד אין שול אַריין, אַוועקגעזעצט נעבן רב אויפן מזרח־וואַנט און געוואַרט אויף דער קריאה.

אַזוי ווי דער בעל־קורא האָט אויסגעשריגן: יעמוד ר' קאַץ,

שלישי! — האָט זיך די קאַץ דערשראָקן, אַ שפּרונג געטון אויפן עמוד, פון עמוד אויפן בעלעמער, פון דאָרט אַ שפּרונג געטון אין דער ווייבער־שול, אויסגעזעצט אַ פענסטער און אַנטלאָפן.

דאָ האָבן אַלע געזען בחוש, אַז עס איז אַ פשוטער מזיק, וואָס קאָן מענטשן דורס זיין און מען דאַרף זי הרגענען.

— ווי אַזוי־זשע הרגעט מען זי?

האָט מען געטראַכט זיבן טעג מיט זיבן נעכט און ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל זי אַראָפּוואַרפן פון אַ הויכן דאַך.

האָט מען גענומען און זי אַראָפּגעוואָרפן פון אַ הויכן דאַך, איז זי געבליבן שטיין אויף די פיר פיסלעך און גאַרנישט..

האָט זיך קהל ערשט דערשראָקן.

איז דאָס דאָך טאַקע, רחמנא לצלן, אַן אָנשיקעניש...

האָט מען געמאַכט אַ פרישע אַספה און עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי מען וואַרפט זי אַראָפּ פון דאַך בלייבט זי שטיין אויף די פיס, זאָל מען זי צובינדן צום שמש און אַראָפּוואַרפן זיי צוזאַמען.

האָט מען אַזוי געטון. איז דער שמש דערהרגעט געוואָרן און די קאַץ איז אַנטלאָפן.

דאָ האָט מען דאָך ערשט געזען, אַז עס איז אַ צרה, וואָס קאָן חלילה גאַנץ כעלם חרוב מאַכן, האָט מען געמאַכט אַ גאָר פרישע אַספה, און ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל די קאַץ אַריינוואַרפן אין טייך אַריין...

האָט מען זי אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין.

איז זי אַרויסגעקראָכן.

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה און עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי מען האָט זי אַריינגעוואָרפן אין טייך, איז זי אַרויסגעקראָכן - זאָל מען זי צובינדן צום גבאי און אַריינוואַרפן צוזאַמען מיטן גבאי, וועט זי שוין נישט אַנטלויפן.

האָט מען אַזוי געטון.

איז דער גבאי דערטרונקען געוואָרן און די קאַץ איז אַרויסגעקראָכן.

האָט די שטאָט ערשט זיך אַרומגעקוקט, אַז דאָס איז אַ מזיק, וואָס קאָן, חלילה, די גאַנצע וועלט מזיקן.

האָט מען געבראַכט אויפן שול-הויף אַ פור שטרוי, אריינגעוואָרפן די קאַץ אין דעם שטרוי און אונטערגעצונדן.

האָט זיך אָנגעכאַפּט דער שול-דאַך, פון שול-דאַך האָט זיך דאָס פייער איבערגעוואָרפן אויף אַ צווייטן דאַך, פון דעם צווייטן — אויף אַ דריטן דאַך. דערנאָך האָט זיך דאָס פייער אַריבערגעכאַפּט אויף דער צווייטער גאַס, אויף דער דריטער גאַס און פון דאָרט באַרג אַרויף, ביז עס האָט אַרומגענומען די קלייטן. ס'איז געוואָרן אַ גרויסע שרפה און די גאַנצע שטאָט איז אַוועק מיטן פייער...

אַז פון אַלץ איז געבליבן קוילן מיט גלישטשעס און פון דער שטאָט איז אַ תל געוואָרן, האָט ערשט אויף די חורבות זיך ארומגעשפּאַצירט די קאַץ רואיק און געלאַסן, גלייך ווי נישט זי מיינט מען..



# די פיר היסטאָרישע תקנות

אין כעלם איז אַמאָל געווען אַ דרדקי-מלמד, האָט זיך אים פאַרגלוסט בלינצעס מיט קעז אויף שבועות.

געזען האָט ער, אַז אין אַלע בעלי-בתישע הייזער עסט מען שבועות בלינצעס מיט קעז, האָט זיך אין אים אויך צעשפּילט דער יצר-הרע צו פארזוכן אמאָל שבועות דעם טעם פון בלינצעס מיט קעז...

איז ער אָבער געווען א קבצן, א דלפון און קיין פּרוטה ביי דער נשמה נישט געהאַט. האָט ער גענומען און געמאכט מיט דעם ווייב אן אספה און ס'איז ביי זיי געבליבן, אז היינטיקס יאָר איז פאַרפאַלן, נאָר איה"ש איבעראַיאָר שבועות, זאָל דונערן און בליצן — און בלינצעס מוזן זיין...

עס דארף דאָך אָבער קאָסטן דעם מלכס אוצרות: מעל, אייער, פּוטער, קעז, צימרינג, צוקער — און קיין געלט איז נישטאָ?

האָבן זיי ביידע, דער מלמד מיטן ווייב אויסגעארבעט א פּלאַן, אז אלע טאָג פון א גאנץ יאָר זאָלן זיי ביידע אָפּשפּאָרן א גראָשן פון דעם אָנבייסן, וואָס זיי עסן אזוי, אז אין משך פון א יאָר זאָל זיך אָנקלייבן דאָס געלט, וואָס בלינצעס מיט קעז דארפן קאָסטן און ס'זאָל נאָך עפּעס איבערבלייבן אַ רעשט אויך...

און אומר ועושה:

באלד אויף מאָרגן האָבן זיי זיך גענומען ביידע צו דער זאַך. א קאָסטן האָבן זיי געהאט א גרויסן פון זייער חתונה נאָך, האָבן זיי אים גוט פארשלאָסן, געמאכט פון אויבן א שפּאַלט און גענומען אלע פרימאָרגן אריינוואַרפן אַהין די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס.

האָט דער מלמד זיך אָבער באַלד באטראכט:

היות, ער איז א מלמד און האָרעוועט שווער מיט קליינע קינדער און דארף זיך גוט שפייזן, איז אים שווער אָפּצושפּאָרן פון עסן דעם גראָשן. דעריבער וועט זיין געַנוג, אז דאָס ווייב אליין וועט אָפּשפּאָרן דעם גראָשן...

די מלמדקע ווידער האָט זיך אויך באטראכט:

היות, זי איז א שוואכע יידענע מיט א קליין קינד ביי דער ברוסט, טאָר זי זיך דאָס הארץ נישט לאָזן אָפּשוואכן. דעריבער וועט זיין געַנוג, אז דער מאן אליין וועט אלע טאָג אריינווארפן דעם גראָשן...

און אזוי האָבן זיי זיך איינער דעם צווייטן א גאנץ יאָר אָפּגענארט...

פאר שבועות, אז ס'איז געקומען צום יאָר, האָבן ביידע זיך געלאָזט עפענען דעם קאסטן, כדי ארויסצונעמען די אָנגעזאמלטע גראָשנס...

דערזעענדיק, אז דער קאסטן איז ליידיק, איז געוואָרן א ויצעקו. דער מלמד איז אָנגעפאלן אויף דער מלמדקע, אז זי האָט אים אָפּגענארט. זי ווידער איז אים באפאלן מיט א קוויטשעריי, אז ער האָט זי אָפּגענארט און אזוי האָבן זיי זיך גענומען ביידע שעלטן און קריגן ביים אָפּגעַנעם קאסטן, ביז זיי האָבן זיך גענומען רייסן פאר די נעזער. און שלאָגנדיק זיך אזוי, זענען זיי ביידע אריינגעפאלן אין קאסטן אריין, דער שווערער דעק האָט זיך האַסטיק אראָפּגעלאָזט און האָט זיי ביידע פארשלאָסן...

אין קאסטן איז ערשט געוואָרן דער אמתער „ויתרוצצו". ביידע האָבן זיך דאָרטן פריי און אומגעשטערט געטשוכעט און געוואָרפן איינער אויפן אנדערן. און אזוי ווי דער קאסטן איז געווען אויף רעדלעך, האָט ער זיך גערירט פון אָרט און גענומען ארומפאָרן איבער דער שטוב. און אזוי ווי די שטוב איז געווען אָן א שוועל און די טיר איז געווען אָפן, איז דער קאסטן ארויסגעפאָרן אויפן גאס ארויס. און אזוי ווי דער מלמד האָט געוואוינט אין שול-גאס און די גאס איז געגאנגען בארג אראָפּ און פונקט אקעגן איבער איז געשטאנען די

אַלטע שול, האָט זיך דער קאסטן געלאָזט לויפן באַרג־אַראָפּ און איז מיט דעם גאנצן אימפעט אריינגעפאָרן גלייך אין שול אריין...

אין שול האָט מען דעמאָלט געהאלטן פּונקט אינמיטן דאווענען. דערזעענדיק אינמיטן דרינען, אז א קאסטן איז אריינגעפאָרן און שפּאצירט זיך אַרום פון איין עק צום צווייטן, איז מען זיך צעלאָפן מיט טויט־שרעק אויף אלע זייטן, און גאנץ כעלם איז אויפגערודערט געוואָרן.

— שדים!

— א קליפה!

— א גלגול!

— א דבוק!

— דער אשמדאי!

— מען דארף לויפן קברים רייסן!

און דער קאסטן איז זיך דערווייל ארומגעפאָרן פון איין ווינקל שול צום צווייטן.

האָט דער רב גענומען דעם שטעקן אין דער האנט, זיך אוועקגעשטעלט אויפן בעלעמער און גענומען שרייען צום קאסטן:

— דבוק, איך בין אויף דיר גוזר, דו זאָלסט גיין אין דיין רו אריין, פונוואנען דו ביסט געקומען.

דער קאַסטן פאָלגט נישט.

האָט דער רב געהייסן שופר בלאָזן.

דער קאסטן האלט אלץ אין איין ארומלויפן...

האָט שוין דער רב געזען, אז דאָס איז א געפערלעכע קליפה, רחמנא יצילנו, וואָס קאָן, חלילה, חרוב מאכן די וועלט האָט ער געהייסן מען זאָל דעם קאסטן אויפרייסן.

נאָר ווער האָט דאָס געוואגט גאָר נאָענט צום קאַסטן צוצוגיין? איז געבליבן, אז מען זאָל ווארפן א גורל. איז געפאלן דער גורל אויפן שמש פון דער חברא קדישא.

א גורל איז א גורל, א גאָטס זאך מוז מען פאָלגן. האָט דער

שמש אָפּגעזאָגט דריי מאָל גאנץ ווידוי און גענומען אויפּברעכן דעם קאסטן.

אן אימה ופחד איז אויף גאַנץ כעלם אָנגעפאַלן. די שטאָט איז געווען זיכער, אז פון קאסטן וועט ארויסשפּרינגען א ווילדער שד, וואָס וועט פון גאנץ כעלם א תל מאכן. נאָך מער אָבער דער־שראָקן און פארשטיינערט איז מען געוואָרן, אז מען האָט דערזען פון קאסטן ארויסקריכן דעם דרדקי־מלמד מיט דער מלמדקע...

און נאָך דעם, ווי דער מלמד האָט פאר דער גאנצער שטאָט דערציילט די מעשה, ווי אזוי ער קומט מיט זיין יידענע אין קאסטן אריין, האָט דער רב געהייסן גאנץ כעלם גומל בענטשן...

און אום צו פאַרהיטן, אַז אזא אומגליק זאָל זיך מער לדור־דורות נישט טרעפן, האָט מען געמאכט אן אספּה און מען האָט ארויסגעגעבן פיר תקנות: אז א קאסטן טאָר מהיום והלאה נישט זיין אויף רעדלעך; א שטוב טאָר נישט זיין אָן א שוועל; א מלמד טאָר נישט וואוינען אויף דער שול־גאס און ס'טאָר זיך א מלמד נישט גלוסטן צו עסן שבועות בלינצעס.

די דאָזיקע פיר תקנות זענען פארשריבן געוואָרן אין כעלעמער שטאָט־פּנקס לזכרון עולם...



# יום-כּפּור אום תּמוז...

אַ סוחר האָט אַמאָל געבּראַכט קיין כעלם וואַקס צו פאַרקויפן. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ ביידל צווישן די קליטן און קייבער קויפט נישט.

איז ער אָפּגעשטאַנען ביי זיין ביידל עטלעכע טעג און ס'איז אַלץ נישטאָ קיין קונים.

געווען איז דאָס אַ קלוג יידל. איז אים איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק, ווי אַזוי ער זאָל פּטור ווערן פון דער גאַנצער סחורה: ער איז אַרויס איבער דער שטאָט און גענומען שרייען:

— יידן, גרייט זיך צום יום-הדין!

— יידן, דער יום-הדין קומט!

דערהערט יום-הדין, האָט כעלם אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש.

— וואָס פאַר אַ יום-הדין? — האָט מען גענומען פרעגן פון אַלע זייטן.

— ס'הייסט וואָס פאַר אַ יום-הדין? — האָט דאָס יידל אַלע-מען אָנגעקוקט — איבערמאָרגן איז דאָך יום-כּפּור.

דערהערט יום-כּפּור, איז כעלם גאָר דערשראָקן געוואָרן. ס'הייסט עפּעס איבערמאָרגן יום-כּפּור, אַז ס'איז נאָך קיין תּשעה-באב נישט געווען?...

איז מען געלאָפן און געבראַכט דעם שטאָט-לוח און געוויזן דעם יידן שוואַרץ אויף ווייס, אַז ס'איז נאָך תּמוז אויף דער וועלט. ס'דאַרף ערשט זיין תּשעה-באב, און וואו זענען די סליחות און ראש-השנה?

אַ טעות! — האָט דאָס יידל זיך צעשריגן — דער לוח אייערער האָט אַ טעות געהאַט...

— ס'הייסט עפּעס אַ טעות געהאַט?

— אַ טעות געהאַט און פּטור! — האָט דאָס יידל נישט אָפּ־געלאָזט, — אַ לעבעדיקער קאָן אויך אַ טעות האָבן, היינט אַ פּשיטא שוין אַ לוח...

— אויב אַזוי — האָט כעלם זיך דערשראָקן — איז דאָך דער שבֿועות קיין שבֿועות נישט געווען און אין אמתן פּסח חמץ געגעסן...

כעלם איז צעטומלט געוואָרן. מ׳האָט אָנגעהויבן קוקן אויפֿן הימל, דאַכט זיך טאַקע, אַז תּמיד אין תּמוז שטייט די זון העכער. אַנדערע האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן שפּירן אַ קעלט איבער די ביי־נער. אַ האַרבסט־ווינטל האָט גענומען בלאָזן אין כעלם. און דאָס יידל האָט נישט אויפֿגעהערט צו שרייען אין די גאַסן: יידן, גרייט זיך צום יום־הדין, איבערמאָרגן איז יום כּפּור!

הקצור, מ׳טאָר דעם טעות לענגער נישט ציען. פֿאַרשפּעטיקט דעם ראש־השנה זאָל מען כאָטש דעם יום־כּפּור אַריינכאַפּן...

אין כעלם איז געוואָרן אַ בהלה, עולם איז ימים־נוראימדיק געוואָרן, מען האָט זיך אַ נעם געטון צו סליחות, תּשובֿה און מעשׂים־טובֿים.

דאָס יידל האָט זיך אַוועקגעשטעלט צוריק ביי זיין ביידל מיט וואַקס, און אַזוי ווי מען האָט געדאַרפֿט מאַכן וועקסענע ליכט און אין שטאָט האָט קיינער קיין וואַקס נישט צוגעגרייט, האָבן אַלע זיך געלאָזט צום יידל. ער האָט באַלד אַרויפֿגעשרויפֿט אַ הויכן מקח און אין איין טאָג דעם גאַנצן וואַקס פֿאַרקויפֿט.

פֿאַרטיק געוואָרן מיטן וואַקס, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אין שול אַריין און געמאָלדן, אַז אַזוי, ווי ער איז אַ גוטער חזן און פֿאָרט דורך כעלם פּונקט ערבֿ יום־כּפּור, איז, אַז מען וועט אים גוט באַצאָלן, וועט ער זיי דאַווענען כּל נדרי מיט מוסף און נעילה אויך...

די שטאָט האָט זיך אין דעם אָנגעכאַפּט מיט גרויס שׂמחה. אַ קלייניקייט עפּעס, אַנדערש נישט, גאָט אַליין האָט אים צוגע־שיקט...

אויף דער נאַכט צו כל־נדרי, ווען גאַנץ כעלם איז געווען אין שול און אין די בתי־מדרשים, איז געקומען צו פאָרן דעם יידלס שותף.

ר׳ קוקט אָן: אַן אימה ופחד, די גאַסן זענען פוסט, די געשעפטן געשלאָסן. מ׳זעט נישט קיינעם. פון די הייזער שלאָגט אַרויס די שיין פון גרויסע וועקסענע ליכט. ס׳איז דאָך היינט אַ פראָסטער דינסטאָג, וואָס איז דאָס געשען? — האָט ער זיך דער־שראָקן.

פון די קליינע קינדער האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ס׳איז יום־כפור און אַלע זענען אין שול.

האָט ער זיך אַ דערשראָקענער אַוועקגעלאָזט אין שול. ער גייט צו אין דער הויך צו מזרח צו, ער גיט אַ קוק — זיין שותף שטייטביים עמוד...

— וואָס איז דאָס אַזוינס געשען? אינמיטן דרינען יום־כפור, דער שותף איז דאָך קיינמאָל קיין חזן נישט געווען און שטייט פאַרן עמוד... ס׳איז עפּעס נישט גלאַטיק...

דער „חזן“ ביים עמוד האָט זיין שותף באַמערקט, האָט ער אים באַלד אַ וואונק געטון מיט די אויגן, ער זאָל שווייגן און האָט גענומען זינגען מיטן סקאַרבאָוון ניגון פון „אנקת מסלדך“, דעם דאָזיקן פזמון, וואָס דער גאַנצער עולם האָט נאָכגעזאָגט מיינענדיק, אַז ס׳איז אַ נייע תפילה:

באתי לעיר והם כלם בורים.
אמרתי להם שהיום יום הכפורים;
ומכרתי את השעוה בדמים יקרים.
גם ארבע מאות זהובים נתנו לי,
חציו לך וחציו — לי...
היום כאן,
ומחר — ויברח,
איום קדוש! — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

די דאָזיקע מעשיות האָבן אין פאָלקס-מויל פאַרשידענע נוסחאות. אַנדערע גיבן איבער, אַז די מעשה האָט געטראָפן מיט דעם באַוואוסטן וויצלער אפרים גריידיגער, און דער פזמון, וואָס ער האָט געזונגען ענדיקט זיך נישט מיט „איום קדוש", נאָר מיט „אל מלך יושב על כסא רחמים"...



## אַ רב אָן אַ קאָפּ...

אַ פרעמדער איז אַמאָל דורכגע-גאַנגען אין כעלם פאַרן שול-הויף, זעט ער, ווי דער שמש שטייט און האַקט אַ גרויסן סענקאָווע קלאָץ, האַקט און האַקט און קאָן אים נישט צעהאַקן.

פרעגט אים דער פרעמדער, ווי לאַנג ער האַקט שוין דעם קלאָץ. ענטפערט אים דער שמש, אַז ער מוטשעט זיך שוין אַזוי איבער אים אַ דריי טעג און קאָן אים נישט צעשפּאַלטן.

— כעלעמער איינער, וואָס דו ביסט — האָט דער פרעמדער זיך צעלאַכט — מען זעצט אַריין אַ קלין אין קלאָץ אַריין און מען קלאַפּט אין אים איינס, צוויי, דריי און ער צעשפּאַלט זיך.

דער שמש האָט דאָס מיטן ערשטן מאָל נישט געקאָנט תּופס זיין.

— וואָס זאָגט איר? מען זעצט אַריין אַ קלין. וואָס איז דאָס אַזוינס?

האָט אים דער פרעמדער נאָך אַמאָל אויפגעקלערט, וואָס אַ

קלין איז. האָט אַליין גענומען אַ שטיק האָלץ און פאַרהאַקט פון איין זייט שאַרף און שפּיציק און פון דער צווייטער זייט ברייט און גלאַט, געגעבן דאָס דעם שמש און איז אַוועקגעגאַנגען.

האָט גענומען דער שמש דעם קלין, אַוועקגעלייגט אויפן קלאָץ מיט דער ברייטער זייט אַראָפּ און מיט דער שאַרפער זייט אַרויף און דערלאַנגט מיט דער האַק אַ טערבענץ מיטן גאַנצן כוח אין קלין אַריין, אַז ער איז אים געפלויגן אין קאָפּ אַריין און האָט אים אויסגעהאַקט אַן אויג.

האָט ער געמאַכט אַ געוואַלט, איז זיך גאַנץ כעלם צונויפגעלאָפן.

דערזעענדיק דעם שמש מיט אַן אויסגעהאַקט אויג, און אויסהערנדיק פון אים די גאַנצע מעשה מיטן האַקן דעם קלאָץ און מיטן פרעמדן, וואָס האָט אים געמאַכט אַ קלין און ווי אַזוי דער קלין האָט אים דאָס אויג אויסגעהאַקט — איז ביי קיינעם קיין שום ספק נישט געבליבן, אַז דער פרעמדער איז געווען דער שטן אַליין און דער קלין איז נישט אַנדערש ווי אַ געפערלעכער משחית, וואָס קאָן גאַנץ כעלם חרוב מאַכן.

וואָס־זשע טוט מען מיט אַזאַ משחית?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי דער קלין איז אַ געפערלעכער משחית, וואָס קאָן, חלילה, גאַנץ כעלם מזיקן, דאַרף מען אים דעם כוח אָפּשוואַכן און דערצו איז נישטאָ קיין אַנדער מיטל, נאָר אים אין שול אַריינצוואַרפן.

האָט גאַנץ כעלם גענומען מיט ציטערניש שטופּן מיט לאַנגע שטעקנס דעם קלין פון איין אָרט אויפן צווייטן, ביז מ'האָט אים צוגעשטופּט צו דער שול. אַריינגעוואָרפן אים אין שול אַריין, פאַרהאַקט טיר און פענסטער און עולם איז זיך צעגאַנגען רואיק אַהיים.

אויף מאָרגן האָט מען געוואָלט וויסן, וואָס מאַכט עפּעס דער משחית. האָט מען נישט געוואוסט וואָס צו טון: אַריינקוקן דורך אַ פענסטער האָט מען מורא געהאַט, טאָמער זעצט ער אויס אַן אויג. עפענען די טיר איז געווען גאָר אַ גרויסע סכנה, טאָמער אַנטלויפט ער און מזיקט גאַנץ כעלם.

האָט מען געמאַכט אַן אַספּה. געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז מען זאָל אַרויף אויפן בוידעם, מאַכן אַ לאָך אין טופּיט און אַראָפּלאָזן אויף אַ שטריק דעם גבאי, וועט ער שוין זען, וואָס דער משחית טוט דאָרט.

האָט מען אַזוי געטון.

האָט מען געמאַכט אויפן בוידעם אַ לאָך, צוגעבונדן דעם גבאי צו אַ שטריק און מ'האָט אים אַראָפּגעלאָזט מיטן קאָפּ אַראָפּ אין שול אַריין.

האָט ער זיך אָנגעשטויסן מיטן קאָפּ שטאַרק אין בעלעמער, זיך דערשראָקן און געמאַכט אַ געוואַלט.

אַזוי ווי ער האָט גענומען שרייען, האָט מען דאָך געזען בחוש, אַז דאָס מזיקט אים דער קלין, האָט מען אים גענומען ציען צוריק און אַרויסגעשלעפּט קוים אַ לעבעדיקן.

צומאָרגנס האָט מען ווידער געוואָלט זען, וואָס טוט דאָרט דער משחית. האָט מען געמאַכט ווידער אַן אַספּה און ס'איז גע-בליבן, אַז קוקן דורך די פענסטער איז אַ מורא, עפענען די טיר איז אַ סכּנה, ער זאָל נישט אַנטלויפן און מזיקן גאַנץ כעלם, און דורכן בוידעם האָט ער שוין דעם גבאי מקים פּסק געווען — איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, סיידן אונטערגראָבן די שול און דורך אַ לאָך אין פּאָדלאָגע אַריינקוקן און זען, וואָס עס טוט דאָרט דער משחית.

האָט מען אַזוי געטון. האָט מען אונטערגעגראָבן די שול, געמאַכט אַ לאָך אין דער פּאָדלאָגע און געשיקט אַריינקוקן אין שול אַריין דעם רב אַליין.

איז דער רב געקראָכן אונטער דער שול, אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין לאָך פון פּאָדלאָגע, געכאַפּט אין שרעק אַ קוק אויף דעם קלין און געוואָלט דעם קאָפּ צוריק אַרויסנעמען. נאָר אַזוי ווי דאָס לאָך פון דער פּאָדלאָגע איז געווען אַ קליינס און ער האָט אַזוי גיך דעם קאָפּ נישט געקאָנט אַרויסנעמען, האָט ער זיך נאָך מער דערשראָקן און געמאַכט אַ געוואַלט. אזוי ווי ער האָט געמאַכט אַ געוואַלט, האָט מען ווידער געזען, אַז דער משחית אַרבעט זיינע

מעשים, האָט מען גענומען שלעפּן דעם רב פאַר די פּיס אַזוי לאַנג און אַזוי שטאַרק, ביז מען האָט אים דעם קאָפּ אַראָפּגעריסן.

איז די שטאָט אויפגערודערט געוואָרן. סטייטש, דעם רב אַליין אָפּגעריסן דעם קאָפּ, ס'איז דאָך אַזעלכעס נישט געהערט געוואָרן!

האָבן די כעלעמער בעלי-בתּים גענומען זיך טרייסטן:

— אפשר האָט דער רב גאָר קיין קאָפּ נישט געהאַט.

ווער קאָן וויסן אויף זיכער, צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ צי נישט, אויב נישט דער שמש פון שול?

איז מען געגאַנגען פרעגן דעם שמש פון שול, האָט ער גע-ענטפערט, אַז אַזוי ווי דער רב פלעגט זיצן יום-ולילה איבערגע-דעקט מיט אַ טלית איבערן קאָפּ און געלערנט, — ווייסט ער נישט, צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ, צי נישט...

איז מען געגאַנגען פרעגן דעם בעדער פון שטאָט: דער רב פלעגט דאָך אַלע פרייטאָג גיין אין באָד אַריין, דאַרף דער בעדער וויסן, צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ...

האָט דער בעדער געענטפערט, אַז אַזוי ווי דער רב פלעגט אין באָד תּמיד אַרויפקריכן אויף דער העכסטער באַנק, וואו ס'איז אַ שטאַרקע פאַרע איבער די אַקסלען, האָט ער נישט געקענט זען, צי ער האָט נישט געהאַט קיין קאָפּ...

איז מען געגאַנגען פרעגן דער רביצן: ווער קאָן נאָך אַזוי וויסן, ווי די רביצן, צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ...

האָט די רביצן געענטפערט, אַז אַזוי ווי דער רב פלעגט תּמיד קומען פון בית-המדרש שפּעט אין דער נאַכט, און עס איז געווען פינסטער, האָט זי נישט געקאָנט זען, צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ, צי נישט...

איז מען אַזוי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב פרעגן און מען האָט נישט געקאָנט דערגיין, צי דער רב האָט יאָ געהאַט אַ קאָפּ, צי ער האָט נישט געהאַט קיין קאָפּ. ביז עס איז געקומען אַ יידענע און דערציילט, אַז נעכטן איז זי געווען ביים רב פרעגן אַ שאלה, האָט ער צו איר געשריגן: לאָזט מיך צורו, איך האָב צו אייך גאָר קיין קאָפּ נישט...

דעמאָלט האָבן זיך אַלע איבערצייגט, אַז דער רב האָט קיין קאָפּ נישט געהאַט און מען האָט זיך באַרואיקט.

די דאָזיקע מעשה ווערט דערציילט פאַרשידן. אייניגע דער־ציילן, אַז ס'איז נאָרנישט פאָרגעקומען מיט אַ קלין, נאָר גאָר אַנ־דערש: מיט אַ שול, וואָס כעלם האָט אויפגעבויט און האָט פאַר־געסן מאַכן אַ טיר. האָט מען געמאַכט אַן אספה צו באַטראַכטן, ווי מען זאָל קאָנען אין שול אַריינגיין און ס'איז געבליבן, אַז מ'זאָל מאַכן דעם אַריינגאַנג פון אונטער דער ערד. האָט מען געמאַכט אַ לאָך אין דער פאָדלאָגע און דאָ איז געשעען דאָס אומגליק: דער רב האָט קיין צייט נישט געהאַט און געוואָלט זען ווי די שול זעט אויס, האָט ער אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער פאָד־לאָגע און האָט אים נישט געקאָנט אַרויסנעמען צוריק, איז זיך גאַנץ כעלם צונויפגעלאָפן און מען האָט אים גענומען אַזוי לאַנג שלעפן און רייסן, ביז מען האָט אים דעם קאָפּ אָפּגעריסן...

אַנדערע ווידער דערציילן, אַז די מעשה איז געשען גאָר מיט זאַלץ. אַ מעשה, אַז עס איז אַמאָל געווען אויף דער וועלט אַ גרויסער יקרות אויף זאַלץ. האָט כעלם זיך מיישב געווען: וואָס דאַרף מען קויפן זאַלץ און צאָלן טייער, אַז מען קאָן אַליין זייען זאַלץ, האָבן אייגן זאַלץ און ביליק און נאָך פאַרקויפן אַנ־דערע אויך.

האָט כעלם גענומען און פאַרזייעט אַלע פעלדער מיט זאַלץ, זענען געקומען די חיות פון וואַלד ביינאַכט און אויסגעלעקט דאָס זאַלץ. איז כעלם אַרויס אויף אַ מלחמה מיט די חיות רעות. אַ סך הרוגים און פצועים זענען אויפן מלחמה־פלאַץ געפאַלן און אין דער גרויסער שלאַכט איז אויך דער רב פאַרפאַלן געוואָרן. האָט מען גע־פונען צווישן די הרוגים איינעם אָן אַ קאָפּ, האָט מען נישט געוואוסט, צי דאָס איז דער רב, צי האָט ער געהאַט אַ קאָפּ אָדער נישט געהאַט קיין קאָפּ... און דאָ גייט ווייטער די גאַנצע מעשה, ווי אַזוי מ'איז געגאַנגען אַלעמען פרעגן.

לויט איין נוסח האָט קיינער נישט געקאָנט אויף זיכער זאָגן באַשטימט: צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ און עס איז געבליבן,

אַז מען זאָל וואַרטן, ביז ער וועט קומען עמעצן צום חלום, וועט מען זען, צי ער איז מיט אַ קאָפּ אָדער אָן אַ קאָפּ...

לויט אַ צווייטן נוסח, האָט כעלם אַראָפּגעבראַכט וועלט-חכמים, וואָס האָבן שטודירט דעם רבס ספרים, וואָס ער האָט אָנגעשריבן, און איינגעפונען, אַז לויט זיינע ספרים נאָך, האָט ער זיכער קיין קאָפּ נישט געהאַט...



## ווי אַזוי כעלם איז געבליבן אָן בעטגעוואַנט

אין כעלם איז אַמאָל אָפּגעברענט געוואָרן דאָס באָד.

און אַזוי ווי קיין געלט אויף אויפצובויען אַ ניי באָד האָט כעלם נישט געהאַט, האָט די גאַנצע שטאָט זיך געהאַלטן אין איין קראַצן; יעדער איינער האָט אויף זיך צעריסן און צעקראַצט דאָס גאַנצע לייב פון בייסעניש.

וואָס-זשע טוט מען פאַרט אָן אַ שוויץ-באָד? די גאַנצע שטאָט קאָן דאָך, חלילה, אומקומען פון גרויס בייסעניש און קראַצעניש?

האָט מען געמאַכט אַן אספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און ס'איז געבליבן: אַזוי ווי די שטאָט אַליין איז אָרעם, זאָל מען אַרויסשיקן דריי אָנגעזעענע בעלי-בתים פון שטאָט אויף דער גרויסער וועלט, זיי זאָלן צונויפנעמען נדבות אויף אַ באָד.

אומר ועושה.

זענען אַרויסגעפאָרן אין דער גרויסער וועלט אַריין דריי אָנגעזעענסטע, קלוגסטע בעלי־בתּים פון שטאָט. יידן זענען רחמנים־בני רחמנים, דערהערט, אַז מען דאַרף אַ נדבה אויף אַ שוויץ־באָד פאַר כעלם, האָבן אַלע געגעבן, קטן כּגדול. חדשים לאַנג האָבן די דריי כעלעמער שליחים אַרומגעוואַנדערט פון שטעטל צו שטעטל, ביז זיי האָבן אָנגעזאַמלט דאָס גאַנצע געלט, וואָס מען דאַרף האָבן אויף אויפצובויען אַ נײַ באָד.

אַז זיי האָבן שוין געדאַרפט זיך אומקערן צוריק קיין כעלם, איז געוואָרן ביי זיי אַ שאלה: וואָס טוט מען מיטן געלט? אַזוי ווי אין דער סביבה פון כעלם דרייען זיך אַרום מחנות גזלנים און וואַלד־רויבער, קאָנען די רויבער דאָך זיי באַפאַלן און צונעמען ביי זיי דאָס גאַנצע אָנגעזאַמלטע געלט.

האָבן זיי געמאַכט אַן אספה, געטראַכט און געטראַכט און ס'איז ביי זיי געבליבן, אַז אַזוי ווי פירן מיט זיך דאָס געלט איז אַ סכנה — די וואַלד־רויבער, וואָס אַרום כעלם, זאָלן זיי נישט באַפאַלן - זאָל מען בעסער פאַרן גאַנצן געלט קויפן סחורה און די סחורה אַוועקשיקן מיט וועגענער קיין כעלם.

האָבן זיי ווידער מורא געקריגן: וואָס וועט זיין, אַז די גזלנים און וואַלד־רויבער וועלן באַפאַלן די וועגענער, וועלן צונעמען די סחורה, און כעלם וועט ווידער בלייבן אָן אַ שוויץ־באָד?

האָבן זיי ווידער געמאַכט אַן אספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט, און ס'איז געבליבן, אַז פירן דאָס געלט מיט זיך איז אַ גרויסע סכנה — די גזלנים און רויבער, וואָס דרייען זיך אַרום אין די כעלמער וועלדער, זאָלן זיי נישט באַפאַלן און דאָס געלד צונעמען — בלייבט דעריבער, אַז פאַר דאָס אָנגעזאַמלטע געלט זאָל מען קויפן סחורה און די סחורה אַוועקשיקן מיט וועגענער קיין כעלם. איז דאָך אָבער ווידער אַ מורא, אַז גזלנים זאָלן באַפאַלן די וועגענער מיט סחורה און זיי אויך צונעמען? — איז דעריבער די בעסטע און זיכערסטע עצה, מען זאָל קויפן פאַרן גאַנצן געלד פעדערן און די פעדערן אַוועקשיקן מיטן ווינט קיין

כּעלם און אַזוי אַרום וועט עס זיין געזיכערט פון גזלנים און רויבער.

און אַזוי האָבן זיי געטון:

געקויפט פאַרן גאַנצן אָנגעזאַמלטן געלט פעדערן, אָפּגעוואַרט אַ גוטע שעה, ווען דער ווינט האָט געבלאָזן צו דער זייט, וואו כעלם שטייט — האָבן זיי אַרויסגעלאָזט די פעדערן מיטן ווינט, און אַליין האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט רויִקע און צופרידענע אַהיים קיין כעלם.

אַז זיי זענען געקומען קיין כעלם, האָט מען זיי מקבל־פּנים געווען מיט גרויס כּבוד און די שטאָט האָט זיך געפרייט, וואָס ענדלעך איז שוין דאָ געלט אויף אַ ניי שוויץ־באָד און דער עולם וועט זיך שוין אויפהערן צו קראַצן.

— וואו איז דאָס געלט? — האָט מען זיי געפרעגט.

דערציילן די דריי שליחים, אַז מורא האָבנדיק גזלנים זאָלן זיי נישט באַפאַלן און צונעמען דאָס געלט, האָבן זיי באַשלאָסן קויפן סחורה און שיקן די סחורה קיין כעלם, וואו מען וועט פאַרקויפן די סחורה און בויען דאָס באָד. נאָר אַזוי ווי צו שיקן פּשוטע סחורה אויף וועגענער איז אויך געווען אין סכנה פאַר גזלנים, האָבן זיי געקויפט פעדערן און אַוועקגעשיקט די פעדערן קיין כעלם מיטן ווינט אַזוי, אַז פון גזלנים און רויבער איז דאָס פּולקאָם געזיכערט.

איז געוואָרן אין כעלם שמחה וששון. אַ קלייניקייט עפּעס פעדערן! אַ זיכערע סחורה, וואָס לאָזט זיך גוט פאַרקויפן און אויף דער סחורה אַליין קאָן מען אויך גוט פאַרדינען.

— וואו־זשע זענען די פעדערן?

מען וואַרט אַ טאָג, צוויי טעג, דריי טעג, גאַנץ כעלם האַלט אין איין אַרויסגיין הינטער דער שטאָט באַגעגענען די פעדערן — און מען זעט נישט און מען הערט נישט.

— מן הסתם האָבן זיי פאַרשפּעטיקט אין וועג — האָט מען זיך געטרייסט — אַ מענטש קאָן זיך אויך פאַרשפּעטיקן, מכּל שכּן פעדערן.

ס'איז אַוועק נאָך עטלעכע טעג און די פעדערן זענען אַלץ נישט געקומען צו פליען.

האָט כעלם געמאַכט אַ גרויסע אספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און ס'איז געבליבן, אַז כדי צו זיכערן דאָס געלט פון גזלנים, האָבן די שליחים גוט געטון, וואָס זיי האָבן פאַרן געלט געקויפט פעדערן און די פעדערן אַוועקגעשיקט אויף אַ זיכערן וועג מיטן ווינט. אַי, וואָס די פעדערן זענען נאָך נישטאָ? — איז דאָס גאָר אַ פשוטע זאַך:

— זיי האָבן פאַרבלאָנדזעט...

אַזוי ווי די פעדערן זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אין כעלם, ווייסן זיי דעם וועג נישט און בלאָנדזען נעבעך אַרום ער־געץ נישט ווייט נישט וויסנדיק, ווי אַזוי אַרום אַריינצופליען אין שטאָט אַריין.

וואָס זשע טוט מען?

האָט מען געמאַכט נאָך אַן אספה, געטראַכט ווידער דריי טעג מיט דריי נעכט און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי די געקויפטע פעדערן האָבן פאַרבלאָנדזעט און קאָנען נישט טרעפן דעם וועג קיין כעלם, זאָל מען צו זיי אַרויסשיקן די פעדערן פון שטאָט אַנטקעגן, וועלן זיי זיך באַגעגענען אויפן וועג און צוזאַמען אַריין קיין כעלם.

און אַזוי האָט מען געטון.

האָט גאַנץ כעלם אַרויסגעטראָגן דאָס בעטגעוואַנט הינטער דער שטאָט, אויפגעטרענט די קישנס און אַוועקגעשיקט די פעדערן מיטן ווינט, זיי זאָלן באַגעגענען די פאַרבלאָנדזעטע פעדערן און אַריינ־ברענגען זיי אין שטאָט אַריין.

און אַזוי אַרום איז כעלם געבליבן אָן אַ שוויץ־באָד און אָן בעטגעוואַנט...



# ווען האָט דער כעלעמער רב געזאָגט דעם „גוט שבת״

דריי כעלעמער יידן זענען גע־שטאַנען שבת נאָכן עסן אינמיטן מאַרק און זיך געוואַרעמט אַנטקעגן דער זון. איז פאַרביי געגאַנגען דער רב און געזאָגט צו זיי: „גוט שבת״.

איז צווישן די דריי יידן געוואָרן אַ גאַנצע מחלוקה. יעדער איינער האָט געזאָגט, אַז דעם „גוט שבת״ האָט דער רב געזאָגט נאָר אים און נישט צו די אַנדערע. האָבן זיי זיך אַזוי לאַנג גע־קריגט וועגן דעם, ביז ס׳איז געבליבן זיי זאָלן גיין צום רב און אים אַליין פרעגן: וועמען פון זיי דריי האָט ער געזאָגט דעם „גוט שבת״.

געקומען צום רב, האָט דער רב זיי געענטפערט, אַז דער „גוט שבת״ געהערט צו דעם, ווער פון זיי עס איז דער גרעסטער נאַר.

זענען זיי אַרויס פון רב און זיך גענומען ווידער קריגן, ווייל יעדער פון זיי האָט געזאָגט, אַז ער איז דער גרעסטער נאַר און נאָר אים האָט דער רב געזאָגט דעם „גוט שבת״.

האָבן זיי זיך אַזוי לאַנג געקריגט צווישן זיך, איינער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן דעם צווייטן, ביז ס׳איז געבליבן־זיי זאָלן גיין נאָך אַמאָל צום רב, ער זאָל זיי זאָגן, ווער פון זיי איז דער גרעסטער נאַר.

געקומען צום רב, האָט ער געהייסן, אַז יעדער פון זיי זאָל אים דערציילן, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט ער האָט אָפּגעטון אין לעבן, וועט ער זיי דערנאָך זאָגן, ווער פון זיי איז דער גרעסטער נאַר.

האָט דער ערשטער געגומען דערציילן:

— אַז איך האָב חתונה געהאַט, האָב איך גענומען אַ גרויסן נדן און מיט אַ שטריימל אַ מתנה פון שווער, און אַ תנאי האָט דער שווער מיט מיר אויסגענומען, אַז איך זאָל דאָס שטריימל קיינמאָל נישט אָנרירן מיט די הענט. באם איך האַלט נישט דעם תנאי, וועל איך נישט קריגן דעם נדן. פלעגט מיר מיין ווייב אָנ־טון דאָס שטריימל און אויסטון דאָס שטריימל און איך האָב עס מיט די הענט נישט אָנגערירט.

איינמאָל שבת, אום סאַמע מיטן ווינטער, עס האָט געברענט דער שניי מיטן פראָסט, גיי איך מיר מיטן שטריימל אין שול אַריין, אַז עס קומט אַ גרויסער ווינט און רייסט מיר אַראָפּ דאָס שטריימל פון קאָפּ אין שניי אַריין.

וואָס טוט מען, אַז מיט די הענט אים אָנרירן טאָר איך נישט?

האָב איך גענומען און האָב זיך אַוועקגעלייגט אויפן שניי און גענומען מיטן קאָפּ נאָרען און קאָפּען אין שניי אונטערן שטריימל, ביז איך האָב אונטערגערוקט דעם קאָפּ אונטערן שטריימל און אַזוי אַרום אים צוריק אָנגעטון אויפן קאָפּ. נו, וואָס זאָגט איר רבי אויף דעם?

— דו ביסט טאַקע אַ גרויסער נאַר, נאָר מען דאַרף הערן, וואָס דערציילט דער צווייטער. אפשר איז ער נאָך מער נאַר פאַר דיר?

האָט דער צווייטער געגומען דערציילן זיין נאַרישקייט:

— אַז איך האָב חתונה געהאַט, האָב איך געגומען אַ גרויסן נדן און באַלד נאָך דער חתונה האָב איך געקויפט אַ פערד־און־וועגעלע, גענומען דאָס געלט, זיך אַוועקגעלאָזט קיין לודמיר אויפן גרויסן יאַריד, און געקויפט דאָרט אַ גאַנצע פּאַרטיע דעקן, טעפּיכן און דיוואַנעס. האָב גענומען די סחורה אַרויפפּאַקעווען אויפן וועגעלע — עס גייט נישט אַרויף. איך האָב צופיל סחורה פאַר אַזאַ קליין וועגעלע. וואָס־זשע טוט מען?

בין איך געפאַלן אויף אַ שכל, איך האָב געגעבן מיין פערדל

אַ פּאָר גוטע בייטשן און אים געהייסן אָפּפירן אַליין די סחורה אַהיים קיין כעלם, און די איבערגעבליבענע טעפּיכן מיט די דיוואַנעס האָב איך אַרויפגעלייגט אויף אַ צווייטער פור, וואָס איך האָב געדונגען, און געפאָרן מיט איר קיין כעלם.

איך קום קיין כעלם, מיין איך דאָך, אַז מיין פערד און וועגעלע מיט דער סחורה, וואָס איך האָב אַליין אַוועקגעשיקט, איז שוין אויך אין דער היים — הויבט זיך גאָר נישט אָן: מען זעט נישט, נישט דאָס פערד, נישט דאָס וועגעלע און נישט די סחורה. גנבים האָבן דאָס אַלץ צוגעגנבעט און אַזוי אַרום האָב איך געפּטרט דעם גאַנצן נדן. וואָס זאָגט איר, רבי, בין איך נישט דער גרעסטער נאַר?

— דו ביסט גאָר אַ גרויסער נאַר — האָט אים דער רב געטרייסט — איך מוז אָבער אויסהערן אויך דעם דריטן, אפשר איז ער נאָך מער נאַר פון אייךביידע?

האָט דער דריטער גענומען דערציילן זיין מעשה:

— אַז איך האָב חתונה געהאַט האָב איך אויך גענומען אַ גרויסן נדן און באַלד געעפנט אַ שענק, פאַרקויפט די פויערן בראָנפן און געמאַכט אַ לעבן.

די שטוב פון שענק האָט געהאַט אין גאַס אַרויס אַ טיר, וואָס מיר פלעגן אַלע נאַכט פאַרן שלאָפן גוט פאַרשליסן.

איין מאָל, אַז איך מיט מיין גענענדל זענען שוין געלעגן אין די בעטן וואַרעם איינגעדעקט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז די טיר איז נישט פאַרשלאָסן. זאָג איך צו מיין ווייב, אַז זי זאָל גיין צושליסן די טיר. זאָגט זי, אַז ס'איז איר קאַלט און איך זאָל גיין צושליסן די טיר. זאָג איך איר, אַז איך האָב נעכטן צוגעשלאָסן די טיר און היינט דאַרף זי גיין צושליסן די טיר. האָט זי גענומען שרייען, אַז זי האָט נעכטן צוגעשלאָסן די טיר און היינט דאַרף איך זי צושליסן. האָב איך גענומען שרייען צו איר: ליגנערין! האָט זי צוריק צו מיר גענומען שרייען: שלים־מזל! טויגעניכטס! לעמעשקע! אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מיר האָבן זיך ביידע גוט צוקריגט, און ס'איז געבליבן ביי אונז, אַז מיר זאָלן ביידע

בלייבן שווייגן און ווער פון אונזביידע עס וועט אַרויסלאָזן אַ פּיפּס — דער דאַרף גיין צושליסן די טיר.

ליגן מיר זיך אַזוי ביידע אין די בעטן און מיר שווייגן.

פּלוצלינג עפנט אַ סאָלדאַט די טיר און שרייט אויס:

— דאַוואַי וואָדקי!

מיר שווייגן.

— דאַוואַי וואָדקי!

מיר גיבן אַ פּיפּס נישט.

האָט דער סאָלדאַט געזען, אַז מען ענטפערט אים נישט, איז ער צוגעגאַנגען צום פּעסל, אָנגעצאַפּט אַ גלאָז בראָנפן און אויסגעטרונקען.

מיר שווייגן.

האָט ער אויסגעטרונקען נאָך אַ גלאָז בראָנפן און מיר שווייגן.

האָט ער זיך שטאַרק אָנגעשכורט, גענומען טאַנצן, שפּרינגען און קלאַפּן מיט די פויסטן אין טיש אַריין — און מיר שווייגן.

איז זיך מיישב דער סאָלדאַט, גייט צו צו מיין בעט און נעמט מיר קיצלען אין דער באָרד.

איך האָב געמיינט, איך וועל נישט אויסהאַלטן, נאָר איך שוויינ.

נעמט ער אַראָפּ די יאַרמולקע פון מיין קאָפּ, פּילט זי אָן מיט שטינקענדיק וואַסער פון קובל און רוקט זי מיר אָן איבערן קאָפּ.

מער האָב איך שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און האָב אויסגעשריגן מיט אַ פאַרשטיקט קול:

— געוואַלט! ס׳אַ געסרחה, מען קאָן דאָך קריגן די כאָלערע!

— אַהאַ! דו האָסט דער ערשטער אַרויסגערעדט אַ וואָרט — האָט זיך מיין געגנענדל אויפגעריסן פון בעט — טאָ גיי־זשע דו, שלים־מזל, פאַרשליסן די טיר! נו, וואָס זאָגט דער רב דערצו?

— איר זענט דער גרעסטער נאַר! — האָט דער רב צו אים אויסגעשריגן — אַז איר האָט זיך אַזוי לאַנג איינגעהאַלטן און נישט

אויסגערעדט אַ וואָרט, האַלט מען אויס נאָך אַביסל און אַ ווייב טאָר מען נישט נאָכגעבן...

אַ גליקלעכער איז דער דריטער אַרויסגעגאַנגען פון רבס שטוב. איבערגליקלעך, וואָס נאָר אים האָט דאָס דער רב געזאָגט: דעם „גוט שבת".



## מען דאַרף וויסן ווי אַזוי מיט אַ רב צו רעדן.

דריי כעלמער יידן האָבן שפּאַצירט תשעה-באב בייטאָג אינמיטן מאַרק. איינער איז געווען אַ קראַנקער, דער צווייטער — אַן אַלטער און דער דריטער אַ געבריכטער.

און אַזוי ווי די נשמה איז זיי אויסגעגאַנגען פון פאַסטן, האָבן זיי באַשלאָסן אַריינגיין צום רב, ער זאָל זיי מתיר זיין צו עסן.

דער ערשטער איז אַריין דער קראַנקער.

— רבי, — זאָגט ער, — איך בין קראַנק, צי מעג איך עסן?

— אַז דו ביסט קראַנק, מעגסטו עסן — האָט אים דער רב געענטפערט — נאָר קיין גראָבער יונג דאַרפסטו נישט זיין און דאַרפסט וויסן, ווי אַזוי מיט אַ רב צו רעדן: אַז מען דערציילט אַ רב, אַז מען איז קראַנק, דאַרף מען זאָגן „לא עליכם".

אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען, פרעגט אים דער אַלטער, וואָס דער רב האָט אים געזאָגט. דערציילט ער אים, אַז ער האָט אים

נעהייסן עסן, נאָר מיט אַ רב דאַרף מען וויסן, ווי אַזוי צו רעדן.

— ווי אַזוי ?

— אַ רב, אַז מען דערציילט עפּעס, דאַרף מען זאָגן : „לא עליכם".

איז דער אַלטער אַריין צום רב און געפרעגט :

— רבי, איך בין, לא עליכם, אַלט. צי מעג איך עסן ?

— אַז דו ביסט אַלט און קאָנסט נישט אויסהאַלטן דעם תענית, מעגסטו עסן, נאָר קיין גראָבער יונג דאַרפסטו נישט זיין. אַז מען רעדט מיט אַ רב פון אַלט זיין, דאַרף מען נישט זאָגן „לא עליכם", נאָר מען דאַרף זאָגן : „עליכם ועל בניכם".

איז דער אַלטער אַרויסגעגאַנגען, פרעגט אים דער געבריכ־טער, וואָס דער רב האָט אים געזאָגט. דערציילט ער אים, אַז ער האָט אים געהייסן עסן, און אים געזידלט, פאַר וואָס ער ווייסט נישט, ווי אַזוי מיט אַ רב צו רעדן.

— ווי אַזוי דאַרף מען רעדן ?

— אַז מען רעדט מיט אַ רב, דאַרף מען זאָגן : „עליכם ועל בניכם".

איז דער געבריכטער אַריין צום רב און געפרעגט :

— רבי, איך בין, עליכם ועל בניכם, געבריכט. צי מעג איך עסן ?...



# פילן אויף רוח-הקודש

דער באַרימטער וויצלער אפרים גריידיגער איז אַמאָל געקומען קיין כעלם, געוואָלט עפּעס צונויפּ־נעמען געלט און כעלעמער יידן האָבן נישט געוואָלט געבן. איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה: איז אַרויס אונטער דער שטאָט, האָט צונויפגענומען אַ סך ציגענע באָבקעס, זיי באַשאָטן מיט זאַמד־צו־קער, זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ טישל אינמיטן מאַרק און גענומען שרייען:

— יידן, פילן אויף רוח־הקודש! אַן אומגעווייגלעכע מציאה און במקח השוה. ווער עס עסט אויף איין פיל — קריגט שוין רוח־הקודש.

דערהערט פילן אויף רוח־הקודש, איז זיך גאַנץ כעלם צונויפ־געלאָפן: אַלע מענער, ווייבער, בחורים און אַפילו מיידלעך.

— ווי טייער קאָסטן די פילן? — איז עולם טשעקאַווע געווען צו וויסן.

— צען גראָשן אַ שטיק. אָבער מיטן תנאי, אַז ווער עס קויפט אַ פיל, טאָר אים באַלד נישט אויפעסן, נאָר ערשט אויפן צווייטן טאָג מעג ער דעם פיל פאַרזוכן. טאָמער עסט מען באַלד, וועט ער נישט ווירקן...

האָט גאַנץ כעלם גענומען קויפן די פילן. אַן אָרעמאַן האָט געקויפט איין פיל פאַר צען גראָשן. אַ מער פאַרמעגלעכער האָט געקויפט עטלעכע פילן און אַ גביר האָט זיך דערלויבט אויף אַ גאַנצן טעלער פילן: פאַר זיך, פאַר דעם ווייב און פאַר די קליינע קינדער אויך. אין משך פון אַ שעה האָט אפרים גריידיגער אויס־פאַרקויפט אַלע פילן און געמאַכט אַ סך געלט.

אויף דער נאַכט, אַז ער האָט שוין געהאַלטןביים אָפּטראָגן זיך פון שטאָט, איז געקומען צולויפן אַ יידענע מיט אַ געוויין.

— וואָס איז?

זי האָט פאַרשפעטיקט. זי איז נישט געווען אין כעלם, און איצט האָט זי זיך דערוואוסט פון דער מציאה. וואָס גאַנץ כעלם האָט איינגעקויפט. אַלע ווייבער האָבן איינגעהאַנדלט פילן אויף רוח־הקודש, נאָר זי, די איינציקע, וועט, חלילה, בלייבן אָן רוח־הקודש. ווייל זי, ער זאָל זיך אויף איר דערבאַרעמען און איר אויך פאַרקויפן, כאָטש איין פיל, אַבי זי זאָל אויך וויסן פון דעם טעם...

— וואָס קאָן איך אייך העלפן, יידענע — האָט ער גענומען זיך ביי איר בעטן — אַז איך האָב שוין מער נישט.

האָט די יידענע אים אָבער נישט אָפּגעלאָזט, געחלשט, גע־וויינט מיט ביטערע טרערן, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן.

האָט ער נישט געקאָנט צוזען איר גרויס צער, און גענומען אַזוי לאַנג זוכן, ביז ער האָט ערגעץ אויסגעפונען אַ פאַרדאַרטן פיל, און געזאָגט צו דער יידענע:

— איר האָט אַ גליק, יידענע, איך האָב אויסגעזוכט פאַר אייך אַן איין־און־איינציקן פיל, וואָס ס'איז ביי מיר איבערגעבליבן פאַר זיך אַליין, אָבער איך פאַרלאַנג פאַר אים גאַנצע פערציק גראָשן. דערפאַר אָבער קאָנט איר שוין באַלד אויפן אָרט פאַרזוכן דעם פיל, וואָס די גאַנצע שטאָט דאַרף ערשט וואַרטן ביז מאָרגן...

נישט האָבנדיק קיין ברירה, האָט זי אים געגעבן די פערציק גראָשן און גענומען דעם פיל גלייך אין מויל אַריין.

— געוואַלט! — האָט זי אַרויסגעלאָזט אַ קוויטש — עס איז דאָך ציגענע באָבקעס!

— זעט איר שוין, יידענע, אַז עס האָט די ווערט 40 גראָשן! איר ווייסט שוין, אַז עס איז ציגענע באָבקעס, און גאַנץ כעלם וועט ערשט וויסן מאָרגן — האָט אפרים גריידיגער זיך צעלאַכט און געמאַכט אַ ויברח..



# כעלעמער אמת...

כעלם האָט זיך אַמאָל אַרומגע־קוקט, אַז ס'איז ביי איר נישטאָ קיין אמת. די גאַנצע וועלט האָט אמת, בלויז כעלם האָט נישט. וואָס טוט מען, מען קאָן דאָך אָן אמת נישט אויסקומען?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז מען דאַרף שיקן אין דער וועלט אַריין קויפן אמת...

— וואוהין שיקט מען?

— אין דער ליטע!

האָט מען געדונגען אַ ייד מיט אַ פערד־און־וועגעלע און מען האָט אים אַרויסגעשיקט קויפן אמת.

די נאָענטסטע שטאָט פון ליטע איז בריסק. האָט זיך דאָס יידל מיטן פערד־און־וועגעלע אַוועקגעלאָזט מיטן טראַקט קיין בריסק.

אָפּגעפּאָרן אַ גאַנצן טאָג איז ער אויף דער נאַכט פאַרפאָרן אין אַ קרעטשמע, אַריינגעפירט דאָס פערד־און־וועגעלע אין שטאַל און ער אַליין איז אַריין אין קרעטשמע.

— שלום עליכם! פונוואַנען איז אַ ייד, און וואוהין פאָרט אַ ייד? — האָט אים דער קרעטשמער באַגעגנט.

— איך בין פון כעלם און פאָר קיין בריסק. מ'האָט מיך גע־שיקט קויפן אמת — האָט דאָס יידל דערציילט.

— אמת? — האָט דער קרעטשמער אַ ברום געטון און באַלד פאַרשטאַנען מיט וועמען ער האָט צו טון...

אַ קלוג יידל איז דער קרעטשמער געווען, מאַכט ער צום כעלעמער:

— איך וועל אייך פאַרקויפן אמת...

— ווי טייער קאָסט בײַ אייך אמת און ווי אַזוי פאַרקויפט איר דאָס? — האָט דאָס כעלעמער יידל אַ פרעג געטון און זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם, וואָרום גאָט האָט אים צוגעשיקט דעם אמת אינמיטן וועג...

— איך פאַרקויף אמת אויפן פעסל און אַ פעסל קאָסט נישט ווייניקער פון תק (פינף הונדערט) קערבלעך.

— תק קערבלעך? ס'איז אַ צו שטאַרקער מקח, איך האָב מיט זיך אַזוי פיל געלט נישט מיטגענומען — האָט דער כעלעמער גע־ענטפערט — איך וועל פאָרן צוריק קיין כעלם און וועל דאָס פאָר־לעגן פאַר קהל און אַז מען וועט מיר געבן דאָס געלט, וועל איך קומען נאָך אַמאָל און נעמען די סחורה.

אויף מאָרגן איז דאָס יידל צוריקגעפאָרן קיין כעלם און דער־ציילט קהל, אַז פאָרנדיק קיין בריסק האָט זיך אים געטראָפן אין אַ קרעטשמע צו קויפן אמת, נאָר מען וויל תק קערבלעך אַ פעסל...

האָט מען געמאַכט אַן אַספּה און עס איז געבליבן, אַז תק קערבלעך איז טאַקע אַ סך געלט, נאָר אַזוי ווי אָן אמת קאָן מען דאָך פאָרט נישט אויסקומען, און אפשר וועט מען אין בריסק דעם מין אינגאַנצן נישט קריגן אָדער מען וועט וועלן נאָך טייערער, האָט מען געגעבן די תק קערבלעך און דאָס יידל מיטן וועגעלע האָט זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אין וועג אַריין צו דער קרעטשמע נאָכן אמת.

געקומען אין קרעטשמע און אַוועקגעלייגט דעם קרעטשמער די תק קערבלעך, האָט דער קרעטשמער גענומען אַ פעסל און דאָס אָנגעפילט מיט דעם דאָזיקן מין „סחורה", וואָס אויף וועלכער שפּראַך מען זאָגט דאָס, אַפילו אויף לשון־קודש, לאָזט זיך פון דעם הערן... האָט דאָס גוט פאַרקלאַפּט און אַרויפגעלייגט דעם אַלטן כעלעמער אויפן וועגעלע און דער אַלטער האָט דאָס אַוועקגעטאַס־קעוועט צוריק מיטן שאָסיי גלייך קיין כעלם.

אונטער דער שטאָט איז אים אַרויס אַקעגן גאַנץ כעלם מיט

דעם ראש־הקהל, מיט די אָנגעזעענסטע בעלי־בתּים און מען האָט געמאַכט אַ גרויסן קבלת־פּנים, ווי ס'פּאַסט פאַרן אמת אַליין...

דאָס יידל האָט פאַרפירט דאָס פעסל צום ראש־הקהל אויפן הויף. דאָ אַרום פעסל איז דער עולם נאָך גרעסער געוואָרן.

מיט גרויס פאָרזיכטיקייט האָט דער ראש־הקהל צוזאַמען מיט אַלע דאָזאָרעס אַראָפּגעטראָגן דאָס פעסל פון וועגעלע און דאָס פּאַמעלעך אַוועקגעשטעלט אינמיטן הויף. דערנאָך האָט מען אויסגעבויערט אין פעסל אַ לאָך און דער ראש־הקהל איז צוגעגאַנגען, אַריינגערוקט די נאָז און אַ שמעק געטון...

— אוי, עס שטינקט! — האָט ער אויסגעשריגן און פאַרדרייט מיט דער נאָז.

איז צוגעגאַנגען דער צווייטער גבאי, צוגעלעגט די נאָז:

— אמת!... האָט ער אויך מיט אַ זויערער מינע אַ מאַך געטון.

האָט אַ שמעק געטון דער דריטער און אויך אויסגעשריגן:

— אמת...

און אַזוי דער פערטער און אַזוי דער פינפטער גבאי, ווער ס'האָט נאָר צוגעלייגט די נאָז, האָט געשריגן: אמת...

און עד־היום זאָגט מען דעריבער אין כעלם, אַז דער אמת שטינקט!...



# די חברה „שומרים לבוקר"

אין כעלם איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ מגפה. קליינע קינדער זענען, נישט היינט געדאַכט, פון דער וועלט געגאַנגען און ס'איז געווען נישט פרייליך.

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, כדי זיך מתיעץ צו זיין און באַטראַכטן, וועלכע מיטלען די שטאָט זאָל אָננעמען אויף אָפּצושטעלן די מגפה.

האָט מען געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, מ'זאָל גרינדן אַ חברה „שומרים לבוקר": יידן זאָלן אויפשטיין אַלע נאַכט פאַרטאָג — מתפלל זיין און לערנען תורה און דאָס וועט איינהאַלטן די מגפה.

האָט מען אַזוי געטון.

זענען כעלעמער יידן געווען גרויסע פּעפּערס און האָבן נישט געקאָנט אויפשטיין.

איז דאָך געוואָרן ווידער שלעכט.

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה און עס איז געבליבן, אַז אַ חברה „שומרים לבוקר" מוז זיין, נאָר אַזוי ווי מ'איז שטאַרקע פּעפּערס און מ'קאָן אַליין פון שלאָף זיך נישט אויפרייסן, דאַרף מען דינגען אַ שמש, ער זאָל אויפוועקן.

האָט מען אַזוי געטון.

איז געקומען אויף מאָרגן דער שמש מיט אַ געוויין, אַז ס'איז אים ביינאַכט קאַלט און ער האָט מורא, ער זאָל זיך נישט צו קילן און שטאַרבן.

איז דאָך געוואָרן ווייטער שלעכט.

האָט מען געמאַכט נאָכאַמאָל אַן אַספה און ס'איז געבליבן, אַז אַ חברה „שומרים לבוקר" מוז זיין. אַזוי ווי דער עולם קאָן אַליין

נישט אויפשטיין, דאַרף מען דינגען אַ שמש, ער זאָל אים אויפ-
וועקן. נאָר וואָס דען? דער שמש קלאָגט, אַז ס'איז אים בייגאַכט
קאַלט און ער וועט זיך פאַרקילן און קאָן, חלילה, אינגאַנצן שטאַרבן?
דאַרף מען אים אָנטון אַ פעלץ, וועט אים שוין זיין וואַרעם און ער
וועט זיך נישט פאַרקילן און שוין, חלילה, נישט שטאַרבן.

און אַזוי האָט מען געטון.

איז געקומען דער גבאי פון שטאָט און האָט מעכּב געווען
די קריאה מיט אַ געוואַלטיקער טענה: הנה, אזוי ווי ער אַליין טראָגט
אין שטאָט אַ פעלץ, וועט מען דאָך איצט נישט דערקענען, ווער
ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שמש?...

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אספה און ס'איז געבליבן, אַז:
אַ „שומרים לבוקר" מוז זיין. אי דער עולם פאַרשלאָפט און קאָן
נישט אויפשטיין, דאַרף מען דינגען אַ שמש, ער זאָל אויפוועקן.
ווייגט אָבער דער שמש, אַז עס איז אים בייגאַכט קאַלט און ער
קאָן זיך פערקילן און, חלילה, שטאַרבן — דאַרף מען אים קויפן אַ
פעלץ, אַז ער זאָל זיך נישט פאַרקילן און זאָל נישט חלילה
שטאַרבן. נאָר וואָס דען? דער גבאי איז מעכּב די קריאה און
טענהט, אַז ער טראָגט אויך אַ פעלץ און מ'וועט נישט וויסן, ווער
ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שמש? דאַרף מען דעם שמש
איבערקערן דעם פעלץ אויף דער צווייטער זייט מיט די האָר ארויף,
וועט מען שוין דערקענען, ווער ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז
דער שמש?

האָט מען אַזוי געטון.

איז אָבער געקומען אויף מאָרגן דער שמש מיט אַ פרישן
געוואַלט, אַז אַזוי ווי ער האָט געטראָגן דעם איבערגעדרייטן פעלץ
מיט די האָר אַרויף, זענען אים באַפאַלן הינט און געמיינט אויף
אים, אַז ער איז אַ וואָלף און אים צעריסן און צעביסן.

איז דאָך גאָר שלעכט געוואָרן.

האָט מען געמאַכט נאָך אַמאָל אַן אַספה און ס'איז געבליבן
אַז אַ חברה „שומרים לבוקר" מוז זיין. קאָן דאָך דער עולם אַליין נישט
אויפשטיין, דאַרף מען דינגען אַ שמש, ער זאָל אים אויפוועקן.

וויינט דאָך דער שמש, אַז ס'איז אים ביינאַכט קאַלט און ער האָט מורא, ער זאָל זיך פאַרקילן און, חלילה, שטאַרבן-דאַרף מען אים אָנטון אַ פעלץ. וועט מען דאָך נישט דערקענען, ווער ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שמש? דאַרף מען איבערדרייען דעם שמשס פעלץ אויף דער צווייטער זייט, וועט מען שוין דערקענען, ווער ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שמש. מיינען דאָך אָבער ביינאַכט די הינט, אַז ער איז אַ וואָלף און ווילן אים צע-רייסן און צעבייסן, דאַרף מען קויפן אַ פערד און אַרויפזעצן אויף אים דעם שמש, וועלן שוין די הינט נישט מיינען אויף אים, אַז ער איז אַ וואָלף און וועלן אים שוין נישט צעבייסן.

האָט מען אַזוי געטון.

איז געוואָרן ווידער אַ שאלה, וואו שטעלט מען אַריין דאָס פערד?

האָט מען געמאַכט אַ גאָר פרישע אַסיפה און ס'איז געבליבן, אַז מען זאָל דאָס פערד אַריינשטעלן אין דער ווייבערשער שול.

האָט מען אַזוי געטון.

אויף מאָרגן זענען געקומען די ווייבער אין שול אַריין, האָבן זיי זיך דערשראָקן און גענומען געוואַלטעווען, אַז זיי האָבן מורא מיטן פערד צו דאַווענען, ער זאָל זיך אינמיטן נישט צעבריקעווען.

האָט מען געמאַכט אַן אַספה און עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי די ווייבער האָבן מורא מיטן פערד צו דאַווענען, ער זאָל זיך נישט צעבריקעווען — זאָל מען אַריינשטעלן דאָס פערד אין דער מענער-שול אַריין.

האָט מען אַזוי געטון.

אויף מאָרגן, אַז מ'איז געקומען אין שול אַריין, האָט יעדער אָפּגעשפּאַרט דאָס פערד פון זיין שטאָט און דאָס פערד האָט ווידער נישט געהאַט וואו צו שטיין.

האָט מען געמאַכט אַ שפּאָגל-נייע אַספה און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי קיינער לאָזט דאָס פערד נישט שטיין אין שול נעבן זיין שטאָט, דאַרף מען עס אַוועקשטעלן פאַרן עמוד...

איז דאָך ווידער שלעכט געוואָרן: ס'טייטש, וואו וועט שטיין דער חזן?

האָט מען געמאַכט נאָך אַמאָל אַן אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז דעם חזן זאָל מען אַרויפזעצן אויפן פערד...

איז אָבער ערשט שלעכט געוואָרן: ווי באַלד אויפן פערד וועט זיצן דער חזן, ווי אַזוי־זשע וועט ער קאָנען אויסגיין אין שמונה־עשרה ביי „עושה שלום”?...

האָט מען ערשט געמאַכט די גרויסע אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז בעת מען וועט האַלטן ביי „עושה שלום”, זאָל דער גבאי אַ שלעפּ טון דאָס פערד ביים עק, וועט ער אויסגיין...

אַזוי האָט מען טאַקע געטון...

און עד־היום טאַקע, אַז מען זעט און כעלם אַ גבאי שלעפּן אַ פערד פאַרן עק, ווייסט מען, אַז מען האַלט שוין ביי „עושה שלום”...



# דער כעלעמער קאַליקע

אַ כעלעמער ייד האָט זיך גע-לאָזט פאָרן מיט אַ פור קיין וואַרשע, האָט ער געטראָגןביידע הענט שטייף פאַר זיך און מיט צוויי אויסגעסטאַרטשעטע אָפענע פינגער אַרויף.

— אַ קאַליקע, נעבעך — האָבן אַלע אים באַדויערט — אַ ייד מיט אָפּגענומענע הענט, רחמנא לצלן.

דער ייד גייט צו צום וואָגן, באַדינגט זיך מיטן בעל-עגלה. קאָן ער דאָך מיט די הענט נישט רירן, בעט ער דעם בעל-עגלה, ער זאָל ביי אים פון קעשענע אַליין אַרויסנעמען דאָס געלט, וואָס ער האָט זיך מיט אים באַדינגען.

— אַ רחמנות אויף אַ ייד — האָט מען געשאָקלט מיט די קעפּ — קאָן מיט די הענט נישט רירן.

דער ייד וויל אַרויף אויפן וואָגן, קאָן ער דאָך נעבעך אָן הענט נישט אַרויף, מוטשעט זיך דער בעל-עגלה מיט אים גוט אָן, ביז ער לייגט אים אַרויף אויפן וואָגן און ביז ער זעצט אים אַריין צווישן די פּאַסאַזשירן אַזוי, אַז עס זאָל אים באַקוועם זיין און מען פאָרט קיין וואַרשע.

זיצט זיך אַזוי דאָס קאַליקע-יידל מיט די אָפּגענומענע הענט און מיט די שטייפע פינגער און קוקט זיך אַזוי אויף גאָטס וועלטל, וואָס פירט פון כעלם קיין וואַרשע און אַלע פּאַסאַזשירן אַרום אים קרעכצן און באַדויערן שטאַרק, וואָס אַ ייד איז נעבעך אַזוי שווער פון גאָט באַשטראָפט געוואָרן מיט פאַרשטייפטע הענט...

אַז מ'איז שוין אָפּגעפאָרן אַ האַלבן טאָג מיט אַ גאַנצער נאַכט און מען האָט זיך מיט דער קאַליקע גוט אָנגעמוטשעט: דאָ דאַרף ער אַראָפּ פון וואָגן, און דאָ מוז מען אים אַרויפטראָגן צוריק.

מ'האָט אַוועקגעלייגט די כּוחות נעבן אים. אַ קליינינקייט עפּעס, אַ מענטש מיט צוויי אויסגעסטאַרטשעטע פאַרהאַרטעוועטע הענט און מיט צוויי שטייפע פינגער אַרויף...

ערשט, אַז מ'איז שוין נישט ווייט פון וואַרשע, האָט אַ יידענע, וואָס איז געזעסן אויפן וואָגן פונקט אַקעגן אים, אַ פרעג געטון:

— זאָגט מיר, פעטער, שוין לאַנג, אַז דאָס אומגליק איז מיט אייך געשעען?

— וואָסער אומגליק? — האָט דער כעלעמער אַ דערשראָקענער אָנגעקוקט.

— דאָס אומגליק מיט אייערע אָפגענומענע הענט, וואָס איר האַלט פאָראויס מיט צוויי אָפענע פינגער!...

— דאָס איז נישט אָפגענומען — האָט ער געענטפערט — דאָס איז אַ מאָס... אַזוי ווי איך פאָר קיין וואַרשע, האָט מיין ווייב מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל איר ברענגען אַ פּאָר שיך. האָב איך פון אירע פיס אַראָפּגענומען אַ מאָס און דאָס איז טאַקע די מאָס פון איין פינגער צום צווייטן, וואָס איך האַלט... ס'טאָר נישט זיין אַ האָר גרעסער אָדער אַ האָר קלענער. איר קאָנט נישט מיין ווייב... אַז נישט — ממיתט זי מיך...



# דער שומר בלילה

## די פריערדיקע מעשה אָבער גאָר אַנדערש

אין כעלם איז אַמאָל געקומען זיך באַזעצן אַ קאָוואַל. איז די שטאָט אַרויסגעגאַנגען אים באַטראַכטן, וואָס פאַר אַ נפש ער איז. האָט מען געזען, אַז ער איז שוואַרץ און פאַררויכערט. האָט מען זיך געטראַכט:

אַזוי ווי דער קאָוואַל איז אַ שוואַרצער, און שוואַרצע זענען ציגיינער און ציגיינער זענען גנבים, קאָן ער דאָך באַגנבענען די גאַנצע סחורה פון שטאָט.

האָט מען געמאַכט אַן אַספּה און ס'איז געבליבן: אַז אַזוי ווי דער קאָוואַל קאָן באַגנבענען די גאַנצע סחורה פון שטאָט, זאָלן די קרעמער אויפזיין ביי נאַכט און שלאָפן בייטאָג, און די גאַנצע שטאָט זאָל אויפזיין בייטאָג און שלאָפן ביינאַכט – וועט שוין דער קאָוואַל נישט גנבענען...

האָט מען אַזוי געטון: די קרעמער זענען אויפגעווען ביי נאַכט און געשלאָפן בייטאָג.

איז דאָך נישט געווען ווער עס זאָל פאַרקויפן סחורה ביי־טאָג.

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַסיפה און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי די קרעמערס שלאָפן בייטאָג, איז נישטאָ ווער עס זאָל פאַרקויפן סחורה אין שטאָט – זאָל מען דינגען אַ שומר, וועט ער אויפזיין ביינאַכט און שלאָפן בייטאָג און די קרעמער וועלן פאַרקויפן סחורה אין שטאָט.

האָט מען אַזוי געטון.

איז געקומען אויף מאָרגן דער שומר און געזאָגט, אַז אַזוי ווי ביינאַכט איז קאַלט, האָט ער מורא ער זאָל זיך נישט צוקילן און שטאַרבן.

איז דאָך געוואָרן ווידער שלעכט.

האָט מען געמאַכט נאָך אַמאָל אַן אספּה און מען האָט באַ־טראַכט די זאַך:

היות, ווי דעם שומר איז קאַלט און ער קאָן זיך נאָך פאַר־קילן און שטאַרבן — וואָס טוט מען, אַז עס זאָל אים נישט זיין קאַלט און אַז ער זאָל זיך נישט פאַרקילן און זאָל נישט שטאַרבן?

האָט מען געקלערט און געקלערט און ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל אים איינוויקלען אין אַ פּעלץ, וועט ער זיך שוין נישט פאַרקילן און ער וועט שוין נישט שטאַרבן.

האָט מען אַזוי געטון.

איז געקומען דער שטאָט־גבאי מיט אַ טענה:

היות ער אַליין טראָגט אין שטאָט אַ פּעלץ, איצט, אַז דער שומר טראָגט אויך אַ פּעלץ, וועט מען דאָך נישט דערקענען, ווער ס׳איז דער גבאי און ווער ס׳איז דער שומר?...

האָט מען געמאַכט ווידער אַמאָל אַן אַספּה, מען האָט גע־טראַכט און געטראַכט און ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל איבערדרייען דעם שומרס פּעלץ אויף דער צווייטער זייט, מיט די האָר אַרויף, וועט מען שוין דערקענען, ווער ס׳איז דער שומר און ווער ס׳איז דער גבאי...

האָט מען אַזוי געטון.

איז געקומען צולויפן גאַנץ פרי דער שומר אינם איבערגע־דרייטן פּעלץ מיט אַ געוואַלט, אַז ביינאַכט איז אים באַפאַלן אַ וואָלף, וואָס האָט געמיינט אויף אים, אַז ער איז אַ באַראַן און האָט אים געוואָלט אויפעסן...

האָט מען געמאַכט נאָך אַ פרישע אַספּה צו באַטראַכטן, וואָס צו טון, אַז דער וואָלף זאָל נישט מיינען אויפן שומר מיטן איבער־געדרייטן פּעלץ, אַז ער איז אַ באַראַן און ער זאָל אים נישט אויפעסן?

האָט מען געטראַכט און געטראַכט און ס׳איז געבליבן, אַז מ׳זאָל דעם שומר מיטן איבערגעדרייטן פּעלץ אַרויפזעצן אויף

אַ פערד, וועט דער וואָלף שוין נישט מיינען, אַז דאָס איז אַ באַ־ראַן און ער וועט אים שוין נישט אויפעסן.

האָט מען אַזוי געטון.

איז אויף מאָרגן ווידער געקומען צו לויפן דער שומר מיט אַ געוואַלד, אַז דאָס פערד האָט אים ביינאַכט שיער נישט פאַר־טראָגן הינטער דער שטאָט אין די טיפע גריבער אַריין.

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט: וואָס טוט מען, אַז דאָס פערד זאָל נישט פאַרטראָגן דעם שומר הינטער דער שטאָט אין די גריבער אַריין? און ס'איז געבליבן, אַז מען דאַרף צובינדן דאָס פערד צו אַ סלופּ, וועט עס דעם שומר שוין נישט פאַרטראָגן הינטער דער שטאָט אין די גריבער אַריין.

האָט מען אַזוי געטון.

איז געוואָרן אין שטאָט אַ גרויסע מחלוקת. יעדער האָט געוואָלט, אַז נעבן זיין קראָם זאָל מען צובינדן דאָס פערד מיטן שומר.

האָט מען געמאַכט אַ גאָר פרישע גרויסע אַספה און מען האָט באַטראַכט די זאַך פון אָנהויב:

הנה, אַזוי ווי ס'איז געקומען אין שטאָט אַ קאָוואַל, איז ער פאַררויכערט און שוואַרץ, און אַזוי ווי די שוואַרצע זענען ציגיינער און ציגיינער זענען גנבים, האָט מען מורא געהאַט, אַז דער קאָוואַל זאָל נישט באַגנבענען די סחורה פון שטאָט — איז געבליבן, אַז די גאַנצע שטאָט זאָל אויפזיין בייטאָג און שלאָפן ביינאַכט און די קרעמערס זאָלן אויפזיין ביינאַכט און שלאָפן בייטאָג. איז דאָך נישט געווען וואו עס זאָל פאַרקויפן סחורה בייטאָג, האָט מען גע־דונגען אַ שומר, ער זאָל שלאָפן בייטאָג און אויפזיין ביינאַכט און די קרעמערס זאָלן שלאָפן ביינאַכט און אויפזיין בייטאָג און פאַר־קויפן סחורה אין שטאָט. איז אָבער געקומען דער שומר מיט אַ געוואַלד, אַז ביינאַכט איז אים קאַלט און ער קאָן זיך נאָך צוקילן און שטאַרבן, האָט מען אים איינגעוויקלט אין אַ פעלץ, ער זאָל זיך נישט צוקילן און זאָל נישט שטאַרבן. איז געקומען דער גבאי מיט אַ טענה, אַז היות ער טראָגט איינער אַליין אין שטאָט אַ פעלץ,

וועט מען, נישט וויסן ווער ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שומר? האָט מען דעם שומר איבערגעדרייט דעם פעלץ אויף דער צווייטער זייט, האָט מען שוין דערקענט ווער ס'איז דער גבאי און ווער ס'איז דער שומר. איז אָבער ביינאַכט באַפאַלן דעם שומר אַ וואָלף, וואָס האָט געמיינט, אַז ער איז אַ באַראַן און האָט אים געוואָלט אויפעסן. האָט מען גענומען דעם שומר און אים אַרויפגעזעצט אויף אַ פערד, כּדי דער וואָלף זאָל וויסן, אַז ער איז אַ שומר און זאָל אים נישט אויפעסן. האָט ווידער דער שומר מורא געהאַט דאָס פערד זאָל אים נישט פאַרטראָגן הינטער דער שטאָט אין טיפע גריבער אַריין, איז געבליבן, אַז מען זאָל דאָס פערד צובינדן צו אַ סלופּ. איצט איז געוואָרן אַ גרויסע מחלוקת יעדער קרעמער וויל, מ'זאָל דאָס פערד מיטן שומר צובינדן נאָר נעבן זיין געוועלב. וואָס טוט מען, אַז ס'זאָל אין שטאָט קיין מחלוקת נישט זיין און אַלע זאָלן זיין צופרידן?

האָט מען געטראַכט גאַנצע זיבן טעג מיט זיבן נעכט און ס'איז געבליבן, אַז אַזוי ווי דאָס אַלטע באָד געהער צו אַלעמען, זאָל מען דאָס פערד מיטן שומר צובינדן גאָר נעבן דעם אַלטן באָד און קיינער זאָל קיין טענות נישט האָבן.

האָט מען אַזוי געטון.

האָט מען גענומען דאָס פערד און צוגעבונדן צו אַ סלופּ נעבן דעם אַלטן באָד, אַרויפגעזעצט דעם שומר און אַזוי האָט ער געהיט גאַנץ כּעלם פון אַ גנבה — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מאָרגן איז געקומען דער שומר און געזאָגט, אַז עס דאַכט זיך אים, גנבים האָבן זיך אַרומגעדרייט נעבן די געוועלבער.

איז מען געלאָפן און געזען, אַז אַלע געוועלבער זענען אויסגעליידיקט און די גאַנצע סחורה איז אַרויסגענומען.

איז מען אָנגעפאַלן אויפן שומר פון אַלע זייטן:

— פאַרוואָס האָסטו נישט געכאַפּט די גנבים?

— ווייל איך בין געזעסן אויף אַ פערד און דאָס פערד איז געווען צוגעבונדן נעבן דעם אַלטן באָד — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט אויפגעבונדן דאָס פערד?

— ווייל איך האָב מורא געהאַט, אַז עס זאָל מיר נישט פאַרשלעפּן אין די טיפע גריבער אַריין — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע ביסטו נישט אַראָפּ פון פערד? — האָט מען אים געפרעגט.

— ווייל מיין פעלץ איז איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט, האָב איך מורא געהאַט, אַ וואָלף זאָל נישט מיינען, אַז איך בין אַ בער אַן און מיך אויפעסן...

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט איבערגעדרייט דאָס פעלץ צוריק אויף דער רעכטער זייט?

— ווייל דער שטאָט־גבאי טראָגט אויך אַ פעלץ, זאָל מען דערקענען, ווער ס׳איז דער גבאי און ווער ס׳איז דער שומר — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט אַראָפּגעוואָרפן אינגאַנצן דאָס פעלץ פון זיך? — האָט מען אים געפרעגט.

— ווייל איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל מיך נישט פאַר־קילן און שטאַרבן — האָט ער געענטפערט.

— פאַרוואָס־זשע האָסטו נישט געשריגן מיר זאָלן אויפשטיין און כאַפּן די גנבים?

— הערט אַ מעשה, אויף דעם האָט איר דאָך מיר געדינגען, אַז איך זאָל אויפזיין ביינאַכט, און שלאָפן בייטאָג, כדי איר זאָלט אויפזיין בייטאָג און שלאָפן ביינאַכט... — האָט ער געענטפערט.

דערהערט אזעלכע קלוגע ווערטער, האָט גאַנץ כעלם געקלאַפּט מיט די הענט און געשריגן:

— נישטאָ אזא קלוגע שטאָט ווי כעלם, נישטאָ!

און דעם שומר האָט מען פאַר זיין חכמה און פלייסיקייט נאָך מוסיף געווען צוויי מאָל אזוי פיל שכירות, וויפיל ער האָט געקריגן...



אינטערעסאַנט איז, וואָס לויט מ'האָט מיך פאַרזיכערט, איז טאַקע געשטאַנען אַ סלופּ נעבן דעם אַלטן באָד ביז דער מלחמה. די דייטשן זענען געקומען און פלעגן צו אים צובונדן אַלע טאָג זייערם שטאַרקע פערד אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן אים אינגאַנצן אומגעוואַלגערט...



# דער רב האָט זיך געקעלבט...

דער כעלעמער רב איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און מען האָט נישט געוואוסט, וואָס אים איז. מען האָט אים געגעבן צו טרינקען פיש-אייל, מען האָט אים געהאַקט אַן אָדער, געשטעלט באַנקעס, אָפּגעשפּראָכן אַ גוט-אויג — און ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן.

האָבן זיך אַלע כעלעמער צונויפגעזאַמלט אויף אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט און געוואָלט דערגיין, וואָס דעם רב איז. איינער האָט געזאָגט, אַז ער האָט קדחת. אַ צווייטער האָט געזאָגט, אַז ס'איז מערידן. אַ דריטער האָט אויפגעוויזן, אַז עס שניידט זיך אים אַ ברוך. אַזוי ווי מען האָט צווישן זיך נישט געקאָנט דערגיין, וואָס פאַר אַ חולאת דאָס איז, איז, געבליבן, בהסכם כולם: מען זאָל אַוועקפירן דעם רב אין אַ גרויסער שטאָט צו אַ רופא אַ מומחה, ער זאָל זאָגן, וואָס דעם רב איז און וואָס פאַר אַ רפואות מען דאַרף אים געבן.

האָט מען אַזוי געטון.

האָט מען געדינגען אַ פור, אַרויפגעזעצט דעם קראַנקן רב צוזאַמען מיט אַ שמש, ער זאָל אים אָפּהיטן און רעדן פאַר אים מיטן רופא.

געקומען אין דער גרויסער שטאָדט, דערציילט דער שמש דעם רופא, אַז דער רב איז קראַנק און דאַרף האָבן אַ רפואה.

האָט דער רופא באַטראַכט דעם רב און געזאָגט, אַז מען דאַרף דעם רב אַרויספירן אין אַ דאָרף, אויף דער פרישער לופט, ער זאָל זיצן דאָרט, וואו עס וואַקסן בוימער מיט גראָז, מיט גוטער פּאַשע.

האָט זיך דער שמש אומגעקערט מיטן רב צוריק קיין כעלם און דערציילט:

— דער רופא האָט געזאָגט, מען זאָל דעם רב אַרויספירן אין אַ דאָרף, וואו עס וואַקסן בוימער מיט גראָז, מיט גוטער פּאַשע.

איז גאַנץ כעלם נבהל ונשתומם געוואָרן. וואָס קאָן דאָס זיין?

שטעלט מען איינעם באַנקעס, איז אַ סימן, אַז עס שטעכן אים די פּלייצעס; גיט מען איינעם טרינקען פיש-אייל, איז אַ סימן, אַז ער איז אַ חולה-מעיים; שפּרעכט מען איינעם אָפּ אַ גוט-אויג, איז אַ סימן, אַז דער קאָפּ טוט אים וויי. אָבער אַרויספירן דאָרט, וואו עס וואַקסן בוימער מיט גראָז — וואָס פאַר אַ קרענק איז דאָס?

האָט מען ווידער געמאַכט אַ גרויסע אַספּה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט, און מען האָט אַלץ נישט געוואוסט, וואָס דעם רב איז. ערשט איינער, דער קלוגסטער מלמד פון כעלם, האָט זיך אָנגערופן:

— רבותי, איך ווייס, וואָס דעם רב איז! פעלדער, גראָז און פּאַשע אין דאָרף — איז אַ סגולה צו אַ קעלבל אין בויך... איך געדענק, אַז בעת מיין בהמה האָט זיך געדאַרפט קעלבן, האָט מען מיר אויך געזאָגט, אַז איך זאָל זי אַרויספירן אין אַ דאָרף דאָרט, וואו עס זענען דאָ בוימער, פעלדער, גראָז און גוטע פּאַשע. און דאָס איז אַ באַווייז, אַז דער רב איז קעלביק און דאַרף האָבן אַ קעלבל...

דערהערט אַזאַ מעשה, איז גאַנץ כעלם אויפגערודערט געוואָרן פון דער גרויסער חכמה, וואָס דער קלוגער מלמד האָט אַרויסגע-זאָגט. האָט מען געמאַכט נאָך אַמאָל אַן אַספּה, געטראַכט זיבן טעג

מיט זיבן נעכט. און ס'איז געבליבן, אַז פון היינט אָן זאָל מען אַלע קינדער פון שטאָט שיקן לערנען נאָר צום קלוגן מלמד, כדי אַלע כעלעמער קינדער זאָלן אויסוואַקסן אַזעלכע חכמים ווי ער, און דעם רב זאָל מען אַרויסשיקן אין נאָענטן דאָרף, וואו עס זיצט אַ יידישער מוכסן, און ס'איז דאָרט דאָ בוימער, מיט פעלדער מיט גראָז, און דאָרט וועט דער רב זיצן אַזוי לאַנג, ביז ער וועט האָבן דאָס קעלבל.

האָט מען געדינגען אַ פור, אַרויפגעזעצט דעם רב, און אַוועק־געזעצט ביי זיין רעכטער האַנט דעם שמש, ער זאָל אויף אים אַכטונג געבן, ביז עס וועט קומען די ריכטיקע שעה... און אַוועק־געשיקט זיי אין דאָרף אַריין צום יידישן מוכסן.

געקומען אין דאָרף, איז דער מוכסן געלאָפן אַנטקעגן, אויפ־גענומען דעם רב מיטן גרעסטן כבוד, און פון נעמען געלט — גאָרנישט געוואָלט הערן. עס איז פאַר אים געווען דער גרויסער כבוד, וואָס כעלם האָט אים אָנגעטון און אַרויסגעשיקט דעם רב אויף אָפּקעלבן זיך נאָר צו אים און נישט צו אַן אַנדערן ייד אין אַן אַנדערן דאָרף.

אַזוי איז זיך דער רב אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג אין דאָרף אויף די פעלדער, צווישן בוימער, גראָז און גוטער פּאַשע. קיין עסן ביים מוכסן האָט אים נישט געפעלט — איז ער געוואָרן קיילעכדיקער און פעטער פון טאָג צו טאָג, און דער שמש האָט אים אָפּגעהיט, געקליבן נחת פון דעם, וואָס דער רב איז אַזוי קיילעכדיק געוואָרן און אויסגעקוקט מיט אומגעדולד די מינוט, אַז דער רב זאָל זיך אָפּקעלבן און ער זאָל שוין לויפן קיין כעלם אָנזאָגן די גוטע בשורה...

אין איין שיינעם פרימאָרגן. דער שמש כאַפּט זיך אויף פון שלאָף — ער גיט אַ קוק: אַ קעלבל, אַ רויט קעלבל, געראָטן אין רב, ליגט זיך אויף דער ערד, קוקט אַרויף גלייך צום שלאָפנדיקן רב אין בעט אַריין, און מעקעט אַזוי בענקענדיק: מע... מע... מע...

האָט דער שמש פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זיך דער רב געקעלבט. האָט ער געכאַפּט אויף זיך דעם ארבע־כנפות מיט די

שיך און זאָקן אין די הענט און איז אַריינגעלאָפן קיין כעלם מיט אַ שמחה:

— מזל טוב — האָט ער געגומען שרייען אין די גאַסן — יידן, דער רב האָט זיך געקעלבט!

איז אין כעלם געוואָרן שמחה וששון. אַ קלייניקייט עפּעס, דערלעבט פון רב אַליין אַ קעלבל! ס'איז געוואָרן יום־טוב אין שטאָט. אַלע האָבן זיך אָנגעטון יום־טובדיקע קליידער, איינער דעם צווייטן האָט זיך אָפּגעגעבן מזל טוב, מען האָט געהאַלטן אין איין טרינקען בראָנפן און זיך משמח זיין, געמאַכט מי שברך דעם רב מיטן יונגן קעלבעלע, דעם רך הנולד, און ס'איז געווען ליהו־דימדיק.

אַז די שטאָט האָט זיך שוין גוט אָנגעפרייט, האָבן זיך אָנגעטון יום־טובדיק די שענסטע בעלי־בתים פון שטאָט און זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף אַריין, כדי פון דאָרט אַהיים צו ברענגען דעם רב מיטן קעלבל בתופים ובמחולות.

געקומען אין דאָרף אַריין, זיי זעען דעם רב—דאָס פנים זיינס גלאַנצט אַזש פון נחת און דאָס קעלבל, שפּרינגט אַרום אין שטוב און מעקעט אַזוי פריילעך.

זענען די כעלעמער געווען אויפן זיבעטן הימל און צו זייער פרייד האָט קיין עק נישט געגומען.

פּאַר נאַכט האָבן געגומען די בעלי בתים פריער אַרויפגע־זעצט דעם רב אויפן וואָגן און דערנאָך, דעם רב צו פיסנס, דאָס קעלבל און געהייסן דעם פורמאַן פאָרן. איז פּלוצלינג צוגעלאָפן דער מוכסן און געגומען געוואַלטעווען:

— וואָס נעמט איר עפּעס צו מיין קעלבל?

האָבן די כעלעמער זיך צעלאַכט:

— וואָס בעלעבעקעט ער עפּעס נאַרישקייט?

דער מוכסן האָט אָבער נישט אָפּגעלאָזט:

— מיין קעלבל גיט מיר אָפּ! — האָט ער געוואַלטעוועט.

— וואָס פאַר אַ קעלבל? — האָבן אים אַלע אָנגעקוקט.

— דאָס קעלבל, וואָס ליגט אין וואָגן.

— גראָבער דאָרפס־יונג איינער, וואָס דו ביסט! — האָבן אַלע פון אים געלאַכט — דאָס האָט דאָך אונזער רב זיך געקעלבט...

— וואָס פאַר אַ רב? — האָט דער מוכסן געלאַרעמט — דאָס האָט דאָך מיין רויטע בהמה זיך געקעלבט און דאָס קעלבל איז מיינס.

— אַוועק, דו גראָבער יונג! — האָבן די כעלעמער זיך צע־שריגן — דאָס קעלבל, וואָס אונזער רב האָט געהאַט, ווילסטו צו־נעמען? — און גענומען שמייסן די פערד.

האָט דער מוכסן געמאַכט גאָר אַ גרויס געוואַלט, איז אַרויס־געלאָפן זיין ווייב, די מוכסנטע מיט די טעכטער, צוגעהאַלטן די פערד ביי די קעפּ און נישט געלאָזט פאָרן: מען זאָל זיי אַוועק־געבן זייער קעלבל. עס איז געוואָרן אַ רייסעניש און אַ געשלעגע־ריי, ביז דאָס גאַנצע דאָרף איז זיך צונויפגעלאָפן.

אַז די כעלעמער בעלי־בתים האָבן דערזען, אַז ס'איז שלעכט: דער מוכסן וויל נישט אָפּטרעטן, שרייענדיק, אַז דאָס קעלבל איז דוקא זיינס, אַז זיין רויטע בהמה האָט דאָס גאָר געהאַט — האָבן די כעלעמער געמאַכט אויפן וואָגן אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט און געפונען אַן עצה:

— אַזוי ווי די טבע פון אַ קעלבל איז דאָך תמיד נאָכצו־לויפן דער מוטער, זאָל מען אַוועקשטעלן פון איין זייט דעם רב און פון דער צווייטער זייט די בהמה, און אַראָפּלאָזן דאָס קעלבל פון וואָגן. צו וועמען דאָס קעלבל וועט צולויפן, צו דעם געהערט עס: וועט עס צולויפן צו דער בהמה, איז אַ סימן, אַז די בהמה האָט עס געהאַט, וועט עס צולויפן צום רב — איז דאָס דעם רבס און עס געהערט צו כעלם און צו גאַנץ כעלעמער קהל.

— מסכים! — האָט דער מוכסן אויסגעשריגן.

האָט מען גענומען, אַראָפּגעטראָגן דעם רב צוריק פון וואָגן, אַוועקגעשטעלט אים רעכטס פון איין זייט, און דער מוכסן האָט אַרויסגעפירט די בהמה פון שטאַל און זי אַוועקגעשטעלט לינקס פון דער צווייטער זייט. אַלע האָבן גענומען מיט ציטערדיקע הענט אַראָפּטראָגן דאָס קעלבל פון וואָגן און עס אַוועקגעשטעל־

אין דער מיט פון הויף און עס אַ פּיצקע געטון מיט אַ רוט, עס זאָל לויפן.

האָט עס פאַרהויבן דעס עק, געגעבן אַ פּאָר שפּרונג איבערן הויף, געמאַכט אַ קאָזשעליק, און צוגעלאָפן גלייך צום רב...

דערזעענדיק אַזאַ זאַך, האָבן אַלע געזען ממש, אַז דאָס קעלבל האָט געהאַט נישט קיין אַנדערער נאָר דער רב. אַפילו דער מוכסן מיט דער מוכסנטע זענען שוין אויך זיכער געווען, אַז דאָס קעלבל האָט געהאַט דער רב, נישט די בהמה זייערע. אַלע האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן: דער רב, מיטן קעלבל, מיט די כע־לעמער בעלי־בתים, מיטן מוכסן, מיט דער מוכסנטע און זיך גע־לאָזט קיין כעלם.

קומענדיק נאָענט צו כעלם, איז זיי אַרויס די גאַנצע שטאָט אַנט־קעגן מיט כלי־זמר, מיט געזאַנג און מיט טענץ. מען האָט זיי אַריינגעבומען אין שטאָט מיט גרויס פּאַראַד, מען האָט געהוליעט, געטרונקען משקה און זיך געפרייט זיבן טעג מיט זיבן נעכט, און נישט אויפגעהערט צו לויבן די חכמה פון כעלם און די גרויסקייט פון רב, וואָס האָט מזכה געווען אויף דער עלטער די שטאָט מיט אַ רויט קעלבל.



# דער דאָקטאָר, וואָס איז מחיה מתים

אין כעלם איז אַמאָל געקומען אַ דאָקטאָר, וואָס איז געווען אַ מומחה אויף אַלע חולאתן און דוקא נישט קיין נאַר. איין חסרון האָט ער אָבער געהאַט: ער האָט ליב געהאַט צו לייענען ביכער. תמיד, ווען מען איז צו אים געקומען, האָט מען אים געטראָפן לייענען אַ בוך.

האָט כעלם געזען, אַז זייער דאָקטאָר האַלט אין איין לייענען ביכער, האָט מען געמאַכט אַן אספּה צו באַטראַכטן די זאַך און ס'איז געבליבן: היות, דער דאָקטאָר לייענט כסדר ביכער, איז אַ סימן, אַז ער קאָן נישט גוט די דאָקטאָריע. וואָרום, ווען ער זאָל קאָנען גוט די דאָקטאָריע, וואָלט ער דאָך שוין נישט געדאַרפט לייענען ביכער, דעריבער דאַרף מען שוין מער צו אים נישט גיין זיך היילן, נאָר אַראָפּברענגען אַן אַנדערן דאָקטאָר.

ווען דער דאָקטאָר האָט דערזען, אַז די קראַנקע קומען מער נישט צו אים, און האָט זיך אויך דערוואוסט די סיבה דערפון — האָט ער אַרויסגעלאָזט מודעות אין די גאַסן, אַז די גאַנצע שטאָט: מענער, ווייבער און קינדער זאָלן זיך צונויפזאַמלען אויף איין אָרט אינמיטן מאַרק און ער וועט ווייזן, אַז נישט נאָר ער איז אַ גרויסער דאָקטאָר, וואָס קאָן היילן אַלע קראַנקע, נאָר ער קאָן אויך מחיה מתים זיין: ער וועט פאַר אַלעמען אין די אויגן מאַכן פון טויטע — צוריק לעבעדיקע מענטשן. מעגן זיי שוין האָבן לאַנג געשטאָרבן, וועלן זיי צוריק לעבעדיק ווערן.

דערהערט אַזאַ מעשה, איז זיך די גאַנצע שטאָט צונויפגעקומען פון קליין ביז גרויס אינמיטן מאַרק און דער דאָקטאָר האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין דער מיט און געזאָגט:

— נו, גיט מיר אַ טויטן, וועל איך אים לעבעדיק מאַכן.

— אַ טויטן? וואָס פאַר אַ טויטן זאָל מען אים געבן? — האָבן יידן אָנגעהויבן אַריינטראַכטן.

— זאָל ער לעבעדיק מאַכן הערשעלען אברמצעס, דעם שוי־נעם יונגנמאַן, וואָס איז מיט צוויי יאָר צוריק געשטאָרבן און האָט איבערגעלאָזט אַ יונג ווייבל מיט צוויי קליינע קינדער.

— אָט גיי איך און מאַך אים לעבעדיק! — האָט דער דאָק־טאָר אויסגעשריגן און געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי אָט לויפט ער... איז אָבער באַלד אונטערגעלאָפן אַ פרוי און האָט גענומען וויינען:

— טייערער דאָקטאָר, איר גייט לעבעדיק מאַכן מיין מאַן? זאָל גאָט היטן, איר זאָלט דאָס טון! אַז ער וועט לעבעדיק ווערן און זען, אַז איך האָב שוין אַן אנדערן מאַן, וועט זייער נישט גוט זיין. איך לעב מיט מיין איצטיקן מאַן זייער גוט, איך האָב אים שטאַרק ליב און ער מיך אויך. איך בעט אייך, דאָקטאָר, האָט רחמנות אויף מיינע יונגע יאָרן און מאַכט אים נישט לעבעדיק. איר קאָנט, ליבער דאָקטאָר, אַלעמען לעבעדיק מאַכן, נאָר נישט מיין מאַן!

— וועמען־זשע דען זאָל איך לעבעדיק מאַכן? — האָט דער דאָקטאָר געפרעגט.

— זאָל דער דאָקטאָר לעבעדיק מאַכן יאַנקל פאָרכוטקע, אַ ייד אַ זקן, אַ זער גרויסער גביר געווען! — האָט איינער אויס־געשריגן.

— זאָל גאָט היטן! — זענען אונטערגעלאָפן די קינדער מיט די אייניקלעך און גענומען בעטן דעם דאָקטאָר רחמים — איהר וועט פון אונז אַלע אַ תּל מאַכן! מיר האָבן זיך שוין אַלע איינ־געטיילט מיט דער ירושה: איינער האָט גענומען אַ הויז, דער צווייטער — דאָס געשעפט מיט סחורה, דער דריטער האָט גענומען די מיל, און אַז ער וועט אויפשטיין פון קבר, וועלן מיר דאָך דאָס אַלץ מוזן אָפּגעבן צוריק. דערבאַרעמט זיך, דאָקטאָר קרוין, און מאַכט נישט אומגליקלעך אַזוי פיל פאַמיליעס!

— וועמען־זשע דען זאָל איך לעבעדיק מאַכן? — האָט דער דאָקטאָר זיך צעשריגן — איך מוז דאָך עמעצן לעבעדיק מאַכן!

— מאַכט לעבעדיק פייגעלעך, דאָס יונגע ווייבל, וואָס איז ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געשטאָרבן! — האָט ווידער איינער אויסגעשריגן.

— פייגעלעך? — איך גיי זי שוין לעבעדיק מאַכן! — האָט דער דאָקטאָר זיך אַ לאָז געטון אין אימפּעט.

איז אָבער באַלד צוגעלאָפן איר מאַן מיט אַ דערשראָקן, בלאַס פּנים:

— מאַכט זי נישט לעבעדיק, איך בעט אייך, טייערער און ליבער דאָקטאָר! טאָמער מאַכט איר זי לעבעדיק, שטאַרב איך. איך האָב שוין אַ פרישע ווייב, אַ גאָר יונג מיידל גענומען, און איך בענק גאָרנישט אַזוי נאָך מיין פריערדיקן ווייב.

אַזוי האָט דער דאָקטאָר זיך עטלעכע מאָל געוואָרפן צו מאַכן לעבעדיק אַן אַנדערן טויטן און יעדעס מאָל, איז צוגעלאָפן אַן אַנדערער אים בעטן, ער זאָל דאָס, חלילה וחס, נישט טון.

— נו, יידן, — האָט ענדלעך דער דאָקטאָר אויסגעשריגן: — איצט זעט איר דאָך בפועל ממש, אַז איך קאָן לעבעדיק מאַכן טויטע... און באַלד איך קאָן לעבעדיק מאַכן טויטע, קאָן איך דאָך לעבעדיקע קראַנקע אוודאי און אוודאי אויסהיילן!

האָט גאַנץ כעלם ערשט געזען מיט די אייגענע אויגן, אַז זייער דאָקטאָר, איז דער גרעסטער דאָקטאָר פון דער גאַנצער וועלט און אַלע האָבן ווידער אָנגעהויבן קומען צו אים זיך היילן.

אים איז געווען גוט

און אונז — נאָך בעסער!



# די בהמה, וואָס לאָזט זיך נישט מעלקן

אין כעלם איז אַ מאָל די רביצין שוואַך געוואָרן און די רופאים האָבן איר געהייסן טרינקען מילך.

האָט זיך די שטאָדט מישב געווען: היות קויפן אַלע טאָג מילך קאָסט אַ סך געלט, זאָל מען בעסער צונויפנעמען ביי קהל געלט אויף אַ בהמה און זאָל זי טרינקען מילך פון דער בהמה. עס וועט קאָסטן ביליקער און עס וועט זיין פאַר איר געזונטער.

האָט מען אַזוי געטון.

מען האָט צונויפגענומען געלט און געשיקט דעם שמש פון שול, ער זאָל קויפן פאַר דער רביצין אַ בהמה.

געקומען אויפן מאַרק, זעט דער שמש שטיין אַ פויער מיט אַ ביק צו פאַרקויפן. פרעגט ער דעם פויער, וויפיל ער וויל פאַר דער בהמה. זעט דער פויער, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טון און זאָגט אים צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפיל דער ביק האָט די ווערט... האָט דער שמש באַצאָלט דאָס געלט, גענומען דעם ביק פאַרן שטריקל און געבראַכט אים צום רב...

איז גאַנץ כעלם געקומען צולויפן אָנצוקוקן דעם רבס בהמה. און באַלד האָט מען גענומען טראַכטן: אַזוי ווי דער רב האָט שוין אַ בהמה, דאַרף מען דאָך דערצו האָבן אַ שטאַל, וואו־זשע נעמט מען געלט אויף אַ שטאַל?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה און ס'איז געבליבן, אַז היות קיין געלט צו קויפן ברעטער אויף אַ שטאַל איז נישטאָ, זאָל יעדער איינער ברענגען איין ברעט פון זיין פּאָדלאָגע, וועט זיין אַ שטאַל פאַר דעם רבס בהמה.

האָבן אַלע יידן אויפגעריסן די פּאָדלאָגעס און געבראַכט ברעטער צום רב אויפן הויף.

איז ווידער געוואָרן שלעכט: ברעטער איז שוין דאָ, וואו נעמט מען אָבער טשוועקעס אויף צוקלאַפּן ברעטער? טשוועקעס קאָסט דאָך אויך געלט!

האָט מען געמאַכט אַ פרישע אַספּה, געטראַכט און געטראַכט, און ס'איז געבליבן: היות, ווי קיין געלט אויף טשוועקעס איז נישטאָ, זאָל יעדער איינער צוהאַלטן זיין ברעט מיט דער האַנט.

האָט מען אַזוי געטון, מען האָט צונויפגעשטעלט פון די ברעטער אַ שטאַל, אַריינגעשטעלט אַהין די בהמה, און די רביצין איז געגאַנגען מעלקן.

ווי זי האָט גענומען אונטערקלאַפּן דעם אייטער, האָט דער ביק איר געגעבן אַ בריק מיט דעם הינטערשטן פיס אין האַרצן, אַז זי איז אַנידערגעפאַלן אין חלשות.

האָט מען גענומען די רביצין אַזוי לאַנג מונטערן, ביז מען האָט זי קוים דערמונטערט.

האָט מען גענומען טראַכטן: וואָס טוט מען צו דעם, אַז די בהמה זאָל נישט בריקעווען און די רביצין זאָל נישט חלשן?

האָט מען געמאַכט ווידער אַן אַספּה און ס'איז געבליבן, אַז היות די בהמה האָט כסדר געמאָלקן אַ פויערטע, דאַרף זיך די רביצין אַזוי אָנטון, וועט די בהמה מיינען, אַז דאָס איז די פויערטע — וועט זי זיך לאָזן מעלקן און נישט בריקעווען.

האָט די רביצין זיך אָנגעטון ווי אַ פויערטע און גענומען מעלקן. האָט דער ביק איר געגעבן צום צווייטן מאָל אַזאַ זעץ אין די ציין, אַז מען האָט זי קוים אַ לעבעדיקע צוגענומען פון שטאַל.

שלעכט!... וואָס טוט מען ווייטער?

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספּה, געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז היות פון דער רביצין לאָזט זיך די בהמה בשום אופן נישט מעלקן, זאָל דער רב אַליין זי מעלקן... פאַרן רב וועט זי זיכער האָבן דרך-ארץ און זיך לאָזן מעלקן.

איז געגאַנגען דער רב און גענומען מעלקן די בהמה. אָבער ווי ער האָט זיך נאָר צוגערירט צו איר, האָט ער געקריגן אַזאַ שטויס, אַז ער איז פאַרפלויגן מיט דער כּלי ביז דער טיר.

איז דאָך ווידער שלעכט געוואָרן, אַזאַ זאַך איז דאָך נישט געהערט געוואָרן, פון רב אַליין זיך נישט לאָזן מעלקן?

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט און אויסגעטראַכט: היות די בהמה האָט אַוודאי געמאָלקן אַ פויער, זאָל דער רב זיך אָנטון ווי אַ פויער, וועט זי זיך שוין לאָזן פון אים מעלקן.

האָט מען גענומען דעם רב און מען האָט אים אָנגעטון אַ פויערשע סוויטע, אַ פויעריש היטל, פויערישע פּאָסטאַלעס אויף די פיס, פאַרגאַרטלט מיט אַ רויטן פּאַסעק און אים געהייסן גיין מעלקן די בהמה.

אָבער ווי נאָר ער האָט זיך צוגעזעצט צו דער ערד און געוואָלט מעלקן, האָט ער געקריגן אַזאַ שטאַרקן שטויס אין דעם אונטערשטן טייל פון בויך, אַז ער איז געבליבן ליגן האַלב אַ טויטער.

— ע, אַזאַ עזות-פנים ביסטו? — האָבן כעלעמער בעלי-בתים גענומען זיך בייזערן — איז נישטאָ קיין אַנדער אויסגאַנג, נאָר נעמען מעלקן אויף כוח.

האָט מען גענומען אַ שטריק, צוגעבונדן דעם רב צו׳ן עק פונם ביק. דער רב האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט מעלקן, און גאַנץ קהל האָט צוגעהאַלטן דעם ביק פאַר די הערנער.

האָט געזען דער ביק, אַז מען גייט אים מעלקן אויף כוח, האָט ער גענומען בריקעווען מיט די פיס, שפּרינגען און רייסן זיך, ביז ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון קהלס הענט, איז אַרויס פון שטאַל און גענומען לויפן איבער כעלם און דער רב האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט פון הינטן און געשריגן:

— געוואַלט, שניידט אָפּ דעם עק!

און אַזוי האָט דער ביק געשלעפּט דעם רב איבער אַלע כעלעמער גאַסן, ביז ער האָט אים פאַרשלעפּט קיין בוקאָווינע.



# אַ שיידל צום שופר

כעלם האָט אַמאָל פון קיין שטיוול נישט געוואוסט. אַלע כעלמער האָבן געטראָגן שיך און א שטיוול האָבן זיי פאַר די אויגן קיין מאָל נישט געזען.

מאַכט זיך א מעשה, אַז ס׳פאַרט דורך אַ פרעמדער ייד, אַ גביר אין שטיוול, און אַזוי ווי אין כעלם איז גרויסע בלאָטעס, איז ער אַריינגעקראָכן מיט איין שטיוול אין דער געדיכטער טיפער בלאָטע און האָט אים אינגאַנצן פאַרלוירן.

פאַר פסח, ווען די בלאָטע האָט זיך אויסגעטריקנט, האָט מען אין כעלם געפונען אינמיטן מאַרק דעם שטיוול, און ס׳איז געוואָרן אַ צוזאַמענלויפעניש. אַזוי ווי קיינער האָט נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַ כלי דאָס איז, האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אספה, געטראַכט און געטראַכט אַ־בערן שטיוול, און ס׳איז געבליבן בהסכם כולם, אַז היות ווי דאָס איז אויסגעבויגן, איז דאָס נישט אַנדערש ווי אַ שיידל פון אַ שופר, אין דאָס איז עפּעס דער שטאָדט צוגעשיקט געוואָרן מן השמים...

האָט מען גענומען דעם שופר, וואָס איז געלעגן אָן אַ שיידל אין ארון־קודש, אַריינגעלייגט אין דעם שטיוול, מיט גרויס פאַראַד אַריינגעפירט אין שול און צוריק אַריינגעלייגט אין ארון־קודש.

מאַכט זיך אַ מעשה, אַז דער פרעמדער גביר, וואָס האָט פאַרלוירן דעם שטיוול, קומט ווידער קיין כעלם, גייט שבת אין שול דאַווענען און מען איז אים מכבד מיט פתיחת־הארון.

ווי ער האָט געעפנט דעם ארון־קודש, איז ער נשתומם געוואָרן:

— ווי קומט אהער מיין שטיוול? — האָט ער זיך צעשריגן.

— וואָס פאַר אַ שטיוול? ס׳איז א שיידל פון א שופר!

— וואָס מיר שיידל? ס׳איז מיין שטיוול.

הקיצור, דער גביר האָט געוואַלטעוועט, אַז ס׳איז אַ שטיוול, וואָס מען טראָגט אויף די פיס און ער האָט אים פאַרלוירן אין די גרויסע בלאָטעס. און די כעלעמער האָבן געלאַרעמט, אַז ער וויל ביי זיי מיט געוואַלט אויסנאַרן דאָס שיידל, דעם יקר-המציאות, וואָס דער אויבערשטער האָט זיי צוגעשיקט. עס איז געוואָרן אַ קריגעריי, אַ זידלעריי. ס׳איז געקומען צו פעטש, ביז דער כע-לעמער פריץ האָט דערהערט די קריגעריי און איז געקומען צו לויפן.

ביידע האָבן אַוועקגעלייגט זייערע טענות. דער גביר שווערט זיך מיט כל השבועות, אַז דאָס איז אַ שטיוול, און די כעלעמער בעלי-בתים שווערן, אַז דאָס איז אַ שיידל פון א שופר פון ששת ימי בראשית אָן.

דער פריץ האָט אויסגעהערט ביידע טענות און געפסקנט, אַז אויב דער פרעמדער גביר וועט ווייזן אַ צווייטן שטיוול, וועט דאָס זיין אַ סימן, אַז ס׳איז אַ שטיוול צו צוויי פיס, און אויב נישט — וועט דאָס זיין אַ באַווייז, אַז עס איז אַ שיידל פון אַ שופר.

און אַזוי ווי דער גביר האָט דעם צווייטן שטיוול ערגעץ פאַרוואָרפן אין דער היים און נישט געקאָנט באַווייזן, אַז ער איז דער צווייטער שטיוול צו דעם, וואָס ליגט אין ארון-קודש — איז ער אַוועקגעפאָרן פון כעלם בחרפה און פאַר אַלעמען איז דאַן קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז טאַקע אַ שיידל צום שופר משנים קדמוניות און עס געהערט צו כעלם.



# דער מזיק, וואָס עסט אויף דאָס גראָז...

אַ רייטער איז אַמאָל דורכ־
געפאָרן פאַרביי כעלם און געבליבן נעכטיקן אויפן פעלד, נעבן דער שטאָט.

פאַרטאָג האָט ער אָפּגעשניטן מיט אַ סערפּ אַ ביסל היי פון דער לאָנקע פאַר זיין פערד, און איז אַוועקגעפאָרן, פאַרגעסנדיק דעם סערפּ אויפן גראָז.

כעלם האָט נאָך דעמאָלט פון קיין סערפּ נישט געוואוסט.

אינדערפרי — מען גייט אַרויס הינטער דער שטאָט, מען גיט אַ קוק — דאָס גראָז פון דער לאָנקע איז מאָדנע אָפּגעשניטן און ביי דער זייט ליגט עפּעס אַן אויסגעקרימטע זאַך מיט ציין.

באַלד איז זיך גאַנץ כעלם צונויפגעלאָפן און אַ מורא האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. די זאַך איז קלאָר: די אויסגעקרימטע זאַך מיט די זעג־ציין איז אַ געפערלעכער שד. אַ חיה, אַ מזיק, וואָס קריכט אויף די פעלדער און עסט אויף דאָס גראָז...

האָט כעלם נישט געמאַכט קיין שהיות, צונויפגערופן אַן אספה און גענומען טראַכטן: וואָס טוט מען צו דעם מזיק, וואָס האָט זיך באַוויזן נעבן שטאָט—ער זאָל, חלילה, נישט אויפעסן דאָס גאַנצע גראָז און ס'זאָל גאָרנישט בלייבן פאַר די בהמות?

האָט מען געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן — אַ פאַרקאַן. מען דאַרף אַרומצוימען דעם מזיק מיט אַ פאַרקאַן פון ברעטער, ער זאָל ווייטער נישט קאָנען גיין...

און אַזוי האָט מען געטון און אַרומגערינגלט דעם סערפּ מיט אַ פאַרקאַן, וואָס שטייט נאָך עד־היום...



## כעלעמער פּאָזשאַרנע

אַז מען האָט אין כעלם געמאַכט די ערשטע פּאָזשאַרנע, האָט מען גענומען אַלע כּלים: די פעסלעך מיט די פּאָמפּעס און מיט די קישקעס און אַרומגערינגלט מיט אַ געמויערטן פּאַרקאַן, כּדי גנבים זאָלן זיי נישט צוגנבענען. דערווייל האָט זיך געמאַכט אַ שׂרפה, איז מען געלאָפן צו דער פּאָזשאַרנע נאָך די פעסלעך מיט וואַסער — מען קאָן נישט אַריינגיין. מען האָט פאַרגעסן מאַכן אין פּאַרקאַן אַ טיר... וואָס טוט מען? איז מען געלאָפן מאַכן אַן אספה און ביז וואַנען, ביז וואָס, איז גאַנץ כעלם אָפּגעברענט געוואָרן.



## אָנגעלערנט אַן אפּיקורס

אין כעלם איז אָנגעקומען אַ רייכער יידישער דייטש, אַן אפּיקורס, וואָס פלעגט אַלע שבת אַרויספאָרן בכיוון מיט זיין שפּאַן איבער דער שטאָט, כּדי צו דערצערנען דעם עולם מיט זיין מחלל-שבת זיין בפרהסיה.

האָט כעלם געזוכט מיטלען, מיט וואָס אָנצולערנען דעם רייכן אפּיקורס. געטראַכט און געטראַכט און באַשלאָסן, אַז אַלע שבת, ווען דער דייטש-אפּיקורס וועט דורכפאָרן די גאַסן, זאָלן עטלעכע מענטשן זיך אונטערלייגן אונטער די רעדער, וועט ער זיך איבערקערן און זיך צעברעכן רוקן און הענט.



# אַ מיטל פאַר גנבים

אין כעלם האָט מען דעם ערשטן קאַכל-אויוון אויפגעשטעלט אין בית-המדרש. האָט מען מורא געהאַט, אַז גנבים זאָלן אים נישט צוגנבענען און פאַרקויפן אַ שררה, האָט מען געמאַכט אַן אַספה, מען האָט געטראַכט און געטראַכט און געפונען אַ מיטל:

מען האָט אָנגעשריבן מיט רויטער טינט אויפן אויוון:

„זה התנור שייך לבית המדרש הגדול דק"ק כעלם" (דער דאָזיקער אויוון געהערט צום גרויסן בית-המדרש פון כעלם) אַזוי אַז טאָמער גנבעט מען אים אַוועק, וואָלט די אויפשריפט אויסגע-זאָגט, פונוואַנען ער שטאַמט....



# טאָמער וואַקסט זי...

אַז מ'האָט אין כעלם געבויט די ערשטע שול, האָט מען איבערגעלאָזט אין אַלע ווינקלען שטיקער בעלקעס אַרויסגעשטעקט אין דרויסן.

— צו וואָס טויגן די זאַפּאַסאָווע שטיקער בעלקעס, וואָס סטאַרטשען אַרויס פון אַלע זייטן שול אין דרויסן? — האָבן דורכ-גערייזטע געפרעגט.

— טאָמער וואַקסט זי... האָבן די כעלעמער געענטפערט — טאָמער וואַקסט די שול אויס, זאָל זי האָבן זאַפּאַסאָווע שטיקער בעלקעס אויף צו צעשפּרייטן זיך און צעגיין...



## ווי אַזוי דער אַלטער שמש האָט געוועקט דעם עולם צו תהלים...

כעלם האָט אַמאָל אַ גרויסן קלאָפּ געהאַט: דער שטאָט-שמש איז אַלט געוואָרן, די פיס האָבן אים אויפגעהערט צו דינען און ער האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח צו גיין ביינאַכט פון שטוב צו שטוב קלאַפּן מיטן האַמער אין די לאָדנס און וועקן צו תהלים...

איז דאָך געוואָרן זייער נישט גוט, האָט מען געמאַכט אַן אספה און עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי דער שמש איז אַלט און האָט שוין קיין כוח נישט ביינאַכט צו גיין קלאַפּן אין יעדן לאָדן באַזונדער — זאָל מען אים צונויפּברענגען אַלע לאָדנס פון שטאָט אויף איין אָרט נעבן זיין שטוב, און ער זאָל געבן איין קלאַפּ מיטן האַמער אין אַלע לאָדנס, וועט מען אויפשטיין...



## ווי אַזוי מ׳האַקט האָלץ אין כעלם

דער כעלעמער שמש האָט געהאַקט אַ קלאָץ עטלעכע טעג און האָט אים נישט געקאָנט צעהאַקן. איז דורכגעגאַנגען אַ פרעמדער און האָט אים אויסגעלאַכט: ווי אַזוי האַקט מען דאָס אַ קלאָץ עטלעכע טעג און מען קאָן אים נישט צעהאַקן, אַז מיט אַ קליין צעהאַקט מען אים אין פינף מינוט?

– וואָס איז אַזוינס אַ קלין? – האָט דער כעלעמער אים אָנגעקוקט.

האָט דער פרעמדער גענומען אַ שטיק האָלץ, פאַרהאַקט אַ קלין, אים געגעבן און איז זיך אַוועק זיין וועג.

דער שמש האָט גענומען, אַוועקגעשטעלט דעם קלין גלאַט אַזוי אויפן קלאָץ, און דערלאַנגט אַ קלאַפּ מיט דער האַק, איז אים דער קלין געפלויגן גלייך אין פּנים אַריין און אים צעשפּאָלטן די נאָז.

האָט ער געמאַכט אַ געוואַלט, איז זיך צונויפגעלאָפן אַ גרויסער עולם, און דער שמש האָט דערציילט די מעשה מיטן פרעמדן, וואָס האָט אים געגעבן אַ קלין, ווי אַזוי ער האָט אים אַ קלאַפּ געטון מיט דער האַק אויפן קלאָץ, איז ער אים געשפּרונגען אין פּנים, און צעשפּאָלטן די נאָז.

האָט כעלעם באַלד געמאַכט אַן אַספה און גענומען באַטראַכטן דעם קלין פון אַלע זייטן, געטראַכט און געטראַכט און געפונען, אַז דער קלין איז טאַקע אַ גוטע זאַך אויף צו שפּאַלטן אַ קלאָץ. נאָר וואָס דען – מען דאַרף טון פּונקט דעם היפוך, וואָס דער שמש האָט געטון:

אַזוי ווי דער שמש האָט געקלאַפּט מיטן קלין אין קלאָץ, האָט ער אים צעשפּאָלטן די נאָז, דאַרף מען קלאַפּן מיטן קלין אין שמשס נאָז, וועט ער פליען צוריק און צעשפּאַלטן דעם קלאָץ...



## געוואַלטיקע גנבים

אַ כעלעמער איז געפאָרן אין אַ קליין שטעטל אַריין.

אַרויפזעצנדיק זיך אין כעלם אויפן וואָגן, האָט ער זיך מיישב געווען: אין וואָגן איז דאָך נישטאָ קיין בלאָטע — צו וואָס דאַרף ער טראָגן די קאַלאָשן אויף די שטיוול? האָט ער אויסגעטון די קאַלאָשן און אַוועקגעשטעלט אויף דער ערד אונטערן וואָגן, און איז אַוועקגעפאָרן.

אַז ער איז געקומען אין צווייטן שטעטל אַריין, האָט ער זיך אונטערגעבויגן אונטערן וואָגן אויפצוהויבן די קאַלאָשן. ער גיט אַ קוק — נישטאָ!

— אוי־וואַ, אוי־וואַ! וואָס פאַר אַ געוואַלטיקע גנבים ס'זענען דאָ אין שטעטל — האָט ער אויסגעשריגן — נאָר וואָס אין שטעטל אַריינגעפאָרן און שוין האָבן זיי באַוויזן צוצוגנבענען די קאַלאָשן...



## וואָס ס'קאָן טרעפן אין כעלם

אין כעלם האָט אַמאָל שוין געטראָפן, אַז פאָרנדיק אויף אַ חתונה, האָט מען פאַרגעסן מיטצונעמען דעם חתן...



# פאַרמשפּט דעם פיש...

דער כעלעמער ראש-הקהל פלעגט זיך נוהג זיין לכבוד שבת אַליין גיין אויפן מאַרק קויפן פיש.

איינמאָל פרייטאָג האָט ער געקויפט אַ גרויסן לעבעדיקן קאַרפּ, אַריינגעלייגט אים אין בוזעם אַריין, מיטן קאָפּ אינעווייניק, און דער עק האָט אַרויסגעסטאַרטשעט אין דרויסן.

אויפן וועג האָט דער פיש זיך אַ טרייסל געטון, און דערלאַנגט דעם ראש-הקהל אַ פּאַטש מיטן עק איבערן פנים...

— האַ? — איז געוואָרן אין שטאָט אַ טומל — אַזאַ חוצפה איז דאָך נישט געהערט געוואָרן, דעם ראש-הקהל אַליין דערלאַנגען אַ פּאַטש אין פנים!...

האָט כעלם באַלד געמאַכט אַ גרויסע אספה און ס'איז געבליבן, אַז, היות דער פיש האָט געפּאַטשט דעם ראש-הקהל אינמיטן מאַרק, איז ער אַ מחוצף-פנים און מען דאַרף אים דערטרינקען...

און טאַקע דעם זעלבן טאָג פרייטאָג פאַרנאַכט, האָט דער שמש גענומען דעם פיש און, לעיני כל הקהל, אים אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין...



## פארפלאָנטערט די פיס...

אַ פרעמדער איז אַמאָל געקומען קיין כעלם אין אַ שטוב, זעט ער, ווי עטלעכע יידן ליגן אין אַ בעט, אויסגעמאַטערטע און פאַרחלשטע, — קוים וואָס זיי לעבן.

וואָס איז געשען?

דערציילן זיי אים, אַז זיי האָבן זיך צוגעלייגט שבת נאָך מיטאָג שלאָפן, ליגן זיי שוין אַזוי דריי טעג און קאָנען נישט אויפשטיין, ווייל זיי האָבן זיך פאַרפלאָנטערט מיט די פיס און קיינער קאָן זיינע פיס נישט געפינען.

האָט דער פרעמדער אַראָפּגענומען דעם פאַסעק פון די הויזן און גענומען זיי שמייסן און פיצקען, וואו ער האָט נאָר אָנגעטראָפן.

פון גרויס ווייטאָג און שמערצן האָבן זיי זיך אַלע אויפגעריסן פון די ערטער און זיך צעלאָפן יעדער אין אַ באַזונדער ווינקעלע, און דערנאָך גאָרנישט געוואוסט, מיט וואָס דעם פרעמדן אָפּצודאַנקען דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט..



## א שול אָן פענסטער

אין כעלם האָט מען אַמאָל אויסגעבויט אַ שול. אַז די איז שוין אַרום און אַרום פאַרטיק געוואָרן, האָט מען זיך אַרומגעקוקט, אַז ס'איז פינסטער: מען האָט פאַרגעסן צו מאַכן פענסטער...

וואָס טוט מען? האָט מען געמאַכט אַן אספה, געטראַכט זיבן טעג מיט זיבן נעכט און מ'איז געפאַלן אויף אַ שכל, אַז מען זאָל נעמען זעק, אָנשעפּן זיי מיט זון־ליכט אין דרויסן און אַריינלאָזן די ליכט אין שול אַריין, וועט ווערן ליכטיק...



## אריינגעדרופן די ציג

אַ כעלעמער איז אַמאָל געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט: ער האָט געהאַלטן אַ גאַנץ ברייטל און נישט געוואוסט, פון וועלכער זייט דאָס אָנצוהויבן.

געטראַכט און געטראַכט — דערוויַיל, האָט ער דערזען דורכן פענסטער שטיין אַ ציג. איז ער געפאַלן אויפן שכל אַריינצורופן די ציג און איר געבן דאָס ברייטל, און פון וועלכער זייט זי וועט אָנהייבן, וועט ער אויך אָנהייבן.

און אַזוי האָט ער געטון...



## אַ ווראָנע אויף אַ פּראָבע...

אַ כעלעמער האָט געהערט, אַז אַ ווראָנע לעבט צוויי הונדערט יאָר, האָט זיך אים עפּעס נישט געגלייבט די מעשה. האָט ער געקויפט איין ווראָנע אויף אַ פּראָבע, בכדי איבערצוצייגן זיך, צי ס'איז אמת.



## פון צוריק האָט כעלם נישט געטראַכט...

מיט פערציק יאָר צוריק, אַז מ'האָט אויסגעבויט די כעלם-בריסקער באַן-ליניע, האָט פּאָניע אַרויס-געלאָזט אַ מאַניפעסט, אַז מיטן ערשטן צוג קאָן ווער עס וויל פאָרן אומזיסט קיין בריסק.

דערהערט: אומזיסט — האָט גאַנץ כעלם זיך אַ לאָז געטון צום באַן, און אַוועקגעפאָרן גלאַט אַזוי קיין בריסק. אַז ס'איז געקומען צום פאָרן צוריק, האָט מען אַלעמען געהייסן קויפן בי-לעטן... איז געוואָרן אַ יללה. פון פאָרן צוריק האָט כעלם בעת חדוה פאַרגעסן, און אַזוי ווי אויף הוצאות-הדרך האָט קיינער נישט מיטגענומען, האָט מען נעבעך געמוזט פאַרמשכנען אַלע פאַלטנס מיט די זייגערלעך, כדי צו האָבן אויף הוצאות צוריק פון בריסק קיין כעלם...



## אין כעלם איז אַ טשוואָק — אַ טשוואָק

אַ כעלעמער איז געקומען קיין וואַרשע און איז אַריין אין אַ גאַסט-הויז. איז געשטאַנען אַ פליג אויף דער וואַנט, האָט ער געמיינט, אַז ס'איז אַ טשוואָק. האָט ער אויסגעטון דעם אויבער-מאַנטל און אים אויפגעהאָנגען... איז די פליג אַוועקגעפלויגן און דער מאַנטל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד.

— וואַרשעווער טשוועקעס, מישטיינסגעזאָגט — האָט דער כעלעמער זיך באַקלאָגט, אויפהייבנדיק דעם מאַנטל — אין כעלם איז אַ טשוואָק — אַ טשוואָק...

## פאַרגעסן די מאָס פון קאָפּ

אַ כעלעמער איז אַריינגעגאַנגען ערב-פסח צו אַ היטל-מאַכער און האָט גענומען טאַפּן און זוכן אין די קעשענעס, און נאָך דעם האָט ער זיך געלאָזט צוריק אַרויס.

— וואָס האָט איר פאַרלוירן, פעטער? — האָט אים דער היטלמאַכער געפרעגט.

— איך האָב געוואָלט קויפן אַ היטל לכבוד יום-טוב, האָב איך פאַרלוירן די מאָס פון מיין קאָפּ — האָט דער כעלעמער אין פאַרלעגנהייט געענטפערט...

# דער כעלעמער אײדעם און דער באַראַבאַן...

אַ ישובניק האָט גענומען אַן אײדעם פון כעלם, און אָפּגעהאַלטן אים עטלעכע יאָר אויף קעסט. דערנאָך האָט ער אים געגעבן זיין נדן, אים געהייסן ווערן אַ סוחר און מאַכן אַליין אַ לעבן.

האָט דער כעלעמער אײדעם גענומען דעם נדן און זיך גע־לאָזט קיין לובלין צו זוכן עפּעס אַ פּרנסה.

דרייט ער זיך אַזוי אַרום איבער לובלין, דערזעט ער, ווי איינער אין אַ מעשענעם היטל דרייט זיך אַרום אויף אַ הויכן טורם און טוט גאָרנישט. די זאַך איז אים געוואָרן טשיקאַווע. ער איז אַרויף צו אים אין דער הייך און געפרעגט, וואָס ער דרייט זיך דאָס דאָרט אַרום און טוט גאָרנישט.

זאָגט צו אים דער מיטן מעשענעם היטל:

— דו זעסט די באַראַבאַנען, וואָס דאָ שטייען? דאָס איז, אַז ס'הייבט אָן אין שטאָט ערגעץ ברענען, קלאַפּ איך דאָ אין באַראַ־באַן, ווערט דאָרט פאַרלאָשן...

דעם כעלעמער איז די סחורה זייער געפעלן און ער האָט אָנגעהויבן אונטערהאַנדלען מיטן סטראַזשאַק, ער זאָל אים פאַר־קויפן אַ באַראַבאַן.

דער סטראַזשאַק האָט פריער נישט געוואָלט אפילו הערן פון פאַרקויפן, נאָר זעענדיק מיט וועמען ער האָט דאָ צו טון, האָט ער ביי אים אויסגענאַרט דעם גאַנצן נדן און אים פאַרקויפט אַ באַראַבאַן.

דער כעלעמער אײדעם האָט פאַרפּאַקט דעם באַראַבאַן און זיך מיט אים אַוועקגעלאָזט אַהיים, זיך געדינגען אַ געוועלבל און אַריינגעשטעלט אַהין די איינגעהאַנדלטע מציאה.

דער שווער קומט אַריין און פרעגט אים, וואו איז די סחורה, זאָגט ער אים, אַז ער קאָן אים נישט ווייזן: ער וואַרט אויף אַ שרפה.

— ס'הייסט אויף אַ שרפה?

— דער שווער וועט שוין זען...

איז ער אָפּגעזעסן וואָכן אין געוועלב און געוואַרט אויף אַ שרפה און קיין שרפה איז נישט געווען. נישט קאָנענדיק זיך דער־וואַרטן, האָט ער אויף טשיקאַוועס גענומען און אונטערגעצונדן דעם שווערס שטוב.

אַז מען האָט דערזען, אַז עס ברענט, איז געוואָרן אַ לוי־פעריי נאָך וואַסער און מען האָט גענומען לעשן.

— לעשט נישט, לעשט נישט! — האָט ער זיך צעשריגן — איך האָב אַזאַ מאַשין, וואָס מאַכט, אַז ס'זאָל ווערן אַליין פאַר־לאָשן. ער האָט אויפגעפּאַקט דעם באַראַבאַן און גענומען אַזוי שטאַרק צו באַראַבאַנעווען, ביז דאָס גאַנצע שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן.



# געשיקט לערנען חכמה

כעלם האָט זיך אַמאָל אַרומגעקוקט, אַז ס'פעלט איר חכמה. מיט אייגענער חכמה קאָן מען נישט אויסקומען און מען מוז אָנקומען צו דער פרעמד.

האָט מען געמאַכט אַן אספה און מען האָט אויסגעקליבן דעם קלוגסטן, וואָס כעלם האָט פאַרמאָגט און אים אַוועקגעשיקט אין דער ליטע, אַזש קיין ווילנע, כדי ער זאָל פון דאָרט ברענגען חכמה.

געקומען קיין ווילנע, וואוהין גייט מען לערנען חכמה?

האָט זיך דער כעלעמער אַוועקגעלאָזט גלייך אין גרויסן בית-המדרש אַריין.

געקומען אין בית-המדרש, איז אים דער שמש געקומען אַקעגן מיט אַ „שלום-עליכם”:

— פונוואַנען איז אַ ייד?

— פון כעלם!

— ווי קומט עפּעס אַ ייד פון כעלם אַזש קיין ווילנע?

— איך בין געקומען, די שטאָט האָט מיך געשיקט אַהער לערנען חכמה, — האָט דער כעלמער געענטפערט.

— חכמה? איך וועל אייך לערנען חכמה! — האָט דער שמש אים פאַרגעלייגט.

— זייער גוט! — האָט דער כעלעמער זיך אָנגעכאַפּט.

— וויפיל קאָסט ביי אייך חכמה? — האָט ער דעם שמש געפרעגט.

— אַז איר וועט מיר געבן פינף רובל, וועל איך אייך געבן חכמה.

— גאָרנישט טייער — האָט זיך דער כעלעמער געטראַכט. מ'דאַרף מאַכן דאָס געשעפט.

דער כעלעמער האָט אים געגעבן פינף רובל און דער שמש האָט אים אַ פרעג געטון אַזאַ רעטעניש:

— זאָגט מיר, כעלעמער, וואָס איז דאָס:

מיין טאַטנס זון און מיין מאַמעס זון און מיינס נישט קיין ברודער?

דער כעלעמער האָט געפינטלט מיט די אויגן, געטראַכט און געטראַכט און נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

— אָט איך! — האָט דער שמש אויסגעשריגן — איך בין מיין טאַטנס זון און מיין מאַמעס זון און בין מיינס נישט קיין ברודער!

— אַי גוט, אַי גוט! — האָט דער כעלעמער זיך צעטשמאָטשקעט פון דער גרויסער חכמה און געלאָזט זיך מיט שמחה צוריק אַהיים.

געקומען צוריק קיין כעלם, האָט ער באַלד צונויפגענומען די גאַנצע שטאָט אויפן שול-הויף איבערצוגעבן די חכמה, וואָס ער האָט געבראַכט און האָט באַלד אַלעמען אַ פרעג געטון:

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, ווער איז דאָס:

מיין טאַטנס זון און מיין מאַמעס זון און מיינס נישט קיין ברודער?

אַלע זענען געבליבן שטיין פאַרגאַפטע און נישט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן.

— שוטים, — האָט ער אויסגעשריגן — דאָס איז דאָך דער שמש פון ווילנער בית-המדרש!...



# די בהמה אויפן בוידעם

דער באַוואוסטער וויצלער אפרים גריידיקער איז אַמאָל געקומען קיין כעלם.

גייט ער פאַרביי אַ שטוב, זעט ער, ווי מען שלעפּט די בהמה אויפן בוידעם, און זי וויל אַ פוס אויף דער לייטער נישט שטעלן.

— וואָס מוטשעט איר זיך, צו וואָס שלעפּט איר די בהמה אויפן בוידעם? — האָט אפרים גריידיקער געפרעגט.

— איר זעט נישט, ווי זי איז אויסגעמוטשעט? — האָבן די כעלעמער געענטפערט אין פאַרלעגנהייט — שוין צוויי טעג, ווי זי האָט קיין לעק היי נישט פאַרזוכט און אויפן בוידעם איז דאָ היי, ווילן מיר זי אַרויפשלעפּן, כּדי זי זאָל עסן.

— כעלעמער איינע, וואָס איר זענט! — האָט ער אויסגעשריגן — און קיין אַנדער מיטל האָט איר שוין נישט? איך האָב אַ גוט מיטל, אַז איר זאָלט נישט דאַרפן שלעפּן די בהמה אויפן בוידעם.

— אוי, טייערינקער, האַרציקער, גאָט אַליין האָט אייך צוגעשיקט — זענען זיי אים באַפאַלן — וואָס פאַר אַ מיטל האָט איר?

— אַז איר וועט מיר געבן אַ גוט מיטאָג און עפּעס אין יד אַריין, וועל איך אייך וואָס ווייזן.

די כעלעמער האָבן קיין ברירה נישט געהאַט, האָבן אים געגעבן אַ פעט מיטאָג מיט אַ מתנה אויך און געוואָלט שוין זען דאָס מיטל, וואָס ער האָט, אַז מען זאָל נישט דאַרפן שלעפּן די בהמה אויפן בוידעם.

אפרים גריידיקער האָט זיך רואיק אָפּגעגעסן דאָס מיטאָג און געמאַכט הכנות ווי צו עפּעס אַ גרויס און שווער שטיקל אַרבעט.

— נו, כעלעמער, גיט מיר נאָר די לייטער! — האָט אפרים גריידיקער געזאָגט.

האָט מען אים געגעבן די לייטער און גענומען קוקן, וואָס ער וועט דאָ אויפטון, דער חכם. איז ער אַרויף אויפן בוידעם, גע־נומען אַ פּאַק היי און אַראָפּגעוואָרפן און אויסגעשריגן:

— כעלעמער נאַראָנים, וואָס איר זענט! וואָס דאַרפט איר שלעפּן די בהמה צום היי אויפן בוידעם, אַז איר קאָנט אַראָפּוואַרפן דאָס היי צו דער בהמה אויף דער ערד?...

די כעלעמער האָבן געעפנט די אויגן און ערשט געזען, וויפיל חכמה עס איז נאָך דאָ אויף דער וועלט...



## אַ ריכטיקער ענטפער

מען האָט געפרעגט אַ כעלעמער,

— וואָס וואָלסטו געטון, ווען דו וואָלסט געפונען תּרפ״ט אלפים קערבלעך אין מאַרק און וואָלסט געוואוסט, ווער ס׳האָט פאַרלוירן — וואָלסטו בייגעשטאַנען דעם נסיון און אָפּגעגעבן דאָס געלט אָדער ניין?

דער כעלעמער האָט נישט לאַנג געטראַכט און געענטפערט:

— ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז דאָס געלט איז ראָטשילדס, האָב איך מורא, אַז איך וואָלט נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון און וואָלט נישט אָפּגעגעבן. אָבער ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז די תּרפ״ט אלפים זענען דעם אָרעמען שמשס פון אַלטן בית־המדרש: וואָלט איך אים דאָס אָפּגעגעבן ביז דער לעצטער פּרוטה.



## דאָס געסל איז צו שמאָל...

אין כעלם איז אַריינגעפאָרן אין אַ שמאָל געסל אַ ייד מיט אַ קלאָץ אויפן וואָגן. אַזוי ווי דער קלאָץ איז געווען לאַנג און איז געלעגן אין דער ברייט פון וואָגן, און דאָס געסל איז געווען שמאָל — האָט דער קלאָץ זיך פאַרטשע-פעט אין ביידע זייטן פון געסל און נישט געקאָנט דורכפאָרן.

איז אָנגעלאָפן גאַנץ כעלם און מען האָט גענומען ברעכן די מוחות: וואָס טוט מען, אַז דער וואָגן מיטן קלאָץ זאָל קאָנען דורכ-פאָרן דאָס געסל? געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, נאָר מען זאָל צענעמען אַ ריי הייזער פון ביידע זייטן געסל, וועט דער קלאָץ קאָנען דורכגיין.

און אַזוי האָט מען געטון. ערשט, אַז מען האָט שוין גע-האַלטן אינמיטן צענעמען די הייזער, איז איינער אַ כעלעמער גע-קומען מיט אַ געוואַלט:

— סטייטש, שוטים, וואָס איר זענט! מען האָט דאָך געקאָנט דעם קלאָץ איבערשניידן אויף צווייען, וואָלט ער דאָך געקאָנט דורכגיין?!

אויסצודרייען דעם קלאָץ פון דער ברייט אויף דער לענג פון וואָגן, איז דאָרט קיינעם נישט געפאַלן אויפן שכל



## אַ שטאָלצער ענטפער פון כעלעמער רב

דער כעלעמער רב איז אַמאָל געפאָרן פון כעלם קיין בריסק.

האָט זיך צו אים צוגעזעצט איינער און געפרעגט, פונוואַנען ער איז.

– איך בין אַ כעלעמער – האָט ער געענטפערט.

– זאָגט מיר, איך בעט אייך, — האָט יענער אים געפרעגט – מען זאָגט, אַז אין כעלם איז דאָ אַ רב, אַ געוואַלטיקער למדן, עפעס גאָר אַ צאַצקע, אָבער אַ טפש־איינער אין דער וועלט...

– דאָס בין איך טאַקע אַליין – האָט דער רב געענטפערט מיט גאווה, אָנווייזנדיק מיטן פינגער אויף זיך אַליין.



## דער שענסטער ייד אין כעלם

אַ וואַרשעווער מיט אַ כעלעמער האָבן זיך געטראָפן צוזאַמען.

– שלום עליכם!

– שלום עליכם!

– דאַכט זיך מיר, אַז איר זענט אַ כעלעמער?

– אַ כעלעמער! אין כעלם געבוירן געוואָרן און וואוין שטענדיק אין כעלם.

— און איר קענט גאַנץ כעלם!

— געוויס!

— אויב אַזוי — האָט זיך אָנגערופן דער וואַרשעווער — קאָנט איר מיר. זאָגן, וואָס מאַכט עפּעס ר' הערשל אין כעלם? ר' הערשל, וואָס הינקט אויף אַ פוס?

— ר' הערשל, וואָס הינקט אויף אַ פוס? איך קען אים נישט!

— ווי קאָן דאָס זיין, אַז איר זאָלט אים נישט קענען? גאַנץ כעלם קען אים! אויפן לינקן אויג איז ער אינגאַנצן בלינד און אויפן רעכטן זעט ער אויך נישט.

— ר' הערשל, וואָס הינקט אויף אַ פוס, דאָס לינקע אויג איז אים בלינד און אויפן רעכטן זעט ער אויך נישט? ניין! איך קען אים נישט!

— וואָס הייסט איר קענט אים נישט? קינד און קייט קען אים דאָך. ער איז געבריכט און האָט אַ פאַרך אויפן קאָפּ.

— אָ, — האָט דער כעלעמער אויסגעשריגן — ר' הערשל, וואָס הינקט אויף אַ פוס, דאָס לינקע אויג איז אים בלינד און אויפן רעכטן זעט ער אויך נישט, איז געבריכט און האָט אַ פאַרך אויפן קאָפּ. ס'הייסט איך קען אים נישט? אוודאי קען איך אים? אפילו קליינע קינדער אין כעלם קענען אים אויך. דער שענסטער ייד אין כעלם, אַ קלייניקייט עפּעס ר' הערשל!...



# כעלעמער פאַזשאַרנע-שפּריצער און דער שטאָט-שמש

כעלם האָט זיך דערוואוסט, אַז אין די גרויסע שטעט האָט מען געפונען אַ מיטל צו אַ שרפה — אַ שפּריצער. האָט די שטאָט געקויפט אַ קישקע מיט אַ שפּריצער און געגעבן דאָס צו באַהאַלטן דעם שמש.

דער שמש האָט באַטראַכט דעם שפּריצער און געפונען, אַז ס'איז אַ טייערע „כלי" אויף צו באַהאַלטן דאָרטן אַזעלכע זאַכן, וואָס מען דאַרף זיי גוט אָפּהיטן, ווי: כריין אויף פסח, קנאָבל, לייס אויף פאַרשמירן דעם אויוון וכדומה.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז אין כעלם איז אויסגעבראָכן אַ שרפה, איז מען געלאָפן צום שמש, געכאַפּט די קישקע מיטן שפּריצער, איינגעטונקען אין וואַסער און גענומען שפּריצן — עס גייט נישט... האָט מען גענומען נאָכקוקן און געפונען אַ פולן שפּריצער מיט טייערע זאַכן...

אויף מאָרגן איז די שטאָט זיך צונויפגעקומען אויף אַן אַספה: וואָס טוט מען ווייטער מיטן שפּריצער?

האָבן די יונגע גענומען שרייען, אַז מהיום והלאה זאָל דער שמש מער נישט זיין קיין באַלעבאָס אויפן שפּריצער.

האָבן די אַלטע זיך אַקעגנגעשטעלט און גענומען שרייען, אַז דער שמש האָט שוין חזקה אויף דעם שפּריצער.

האָבן די פאַרשייטע, די יונגע, גענומען טענהן, אַז אמת: דער שמש האָט טאַקע חזקה אויפן שפּריצער און מען טאָר ביי אים דעם שפּריצער נישט צונעמען — ער דאַרף אָבער שווערן ביי אַ הייליקער זאַך, אַז פון היינט און ווייטער, וועט ער אין אים נישט

באַהאַלטן: נישט קיין כריין אויף פסח, נישט קיין קנאָבל, וואָס איז אַ סגולה צו אַ מגפה, און נישט קיין ליים אויף פאַרשמירן דעם אויוון — קיין שום זאַך נישט.

האָבן די אַלטע געגומען איינטענהן:

— וואו דען זאָל דער שמש באַהאַלטן אַזעלכע טייערע זאַכן?

האָט מען געקלערט און געקלערט דריי טעג מיט דריי נעכט און מען איז געקומען צו אַ פשרה, אַז די חזקה אויף דעם שפּרי־צער בלייבט טאַקע ביים שמש און ער האָט טאַקע רעכט צו באַ־האַלטן דאָרט אַלע טייערע זאַכן, וואָס ער האָט. נאָר ער דאַרף שווערן ביי אַ הייליקער זאַך, אַז מהיום והלאה זאָל ער, איידער עס וועט אויסברעכן אַ שרפה, באַלד אויסליידיקן דעם שפּריצער...



## ער ווייסט וואו צו זוכן

אַ כעלעמער איז געשטאַנען הינ־טער דער שטאָט און האָט עפּעס געזוכט אויף דער טרוקענער ערד.

— וואָס זוכט איר? — האָט אים אַ פאַרבייפאָרנדער געפרעגט.

— איך האָב פאַרלוירן אַ קערבל אויפן שול־הויף, זוך איך עס.

— כעלעמער אייגער — האָט אים יענער אויסגעלאַכט — אַז איר האָט פאַרלוירן אויפן שול־הויף, טאָ וואָס־זשע טוט איר דאָ?

— אַ געוואַלטיקער חכם, וואָס איר זענט! — האָט אים אויסגעלאַכט דער כעלעמער — אויפן שול־הויף איז אַ גרויסע בלאָטע און דאָ איז טרוקן. וואו איז בעסער צו זוכן?



# ווי אַזוי מען האָט אין כעלם אויסגעמאָסטן אַ פּלאַץ אויף אַ בית-הקברות

אין כעלם איז דער אַלטער בית־עלמין איבערגעפּולט געוואָרן. איז מען געגאַנגען צונעמען אַ פּלאַץ אויף אַ נייעם בית־הקברות, האָט מען נישט געוואוסט, ווי גרויס דער בית־הקברות זאָל זיין. מען האָט געוואָלט, ער זאָל זיין נישט צו גרויס און נישט צו קליין, נאָר פּונקט וויפיל כעלם באַדאַרף.

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און מען איז געפאַלן אויף אַ גוטע המצאה: אַלע יידן מיט די ווייבער און מיט די קינדער זאָלן זיך אויסלייגן אויף דער ערד הינטער דער שטאָט, און מען זאָל זיי אויסמעסטן מיט אַ שטריק: ווי גרויס און ברייט זיי פאַרנעמען ערד, אַזוי גרויס זאָל מען מאַכן דעם בית־הקברות.

און אַזוי האָט מען געטון.

אַז גאַנץ כעלם, אַלע בעלי־בתים מיט די ווייבער, קינדער און פּיצלעך קינדער האָבן זיך אויסגעלייגט הינטער דער שטאָט אויף דער ערד, איינער נעבן צווייטן שורות־ווייז, האָט מען זיי אויסגעמאָסטן מיט אַ שטריק, ווי גרויס זיי האָבן פאַרנומען ערד און אַזוי גרויס האָט מען געמאַכט דעם בית־הקברות.



## ער באַוואונדערט וואַרשע

אַ כעלעמער האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט צו זען וואַרשע.

די גאַנצע וועלט שרייט: וואַרשע, וואַרשע, וואַרשע — דאַרף מען דאָך זען וואַרשע.

איז ער אַמאָל אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, גענומען אַ שטעקן מיט אַ טאָרבע צדה־לדרך און זיך געלאָזט צו־פוס קיין וואַרשע.

אָפּגעגאַנגען אַ האַלבן וועג, האָט זיך אים פאַרגלוסט שלאָפן. האָט ער מורא געהאַט, אַז ער וועט אַנטשלאָפן ווערן און ווען ער וועט זיך אויפכאַפּן, וועט ער נישט וויסן, אין וועלכער זייט ער דאַרף גיין. האָט ער גענומען און זיך געלייגט מיט די פיס קיין וואַרשע און מיטן קאָפּ קיין כעלם, כדי אַז ער וועט אויפשטיין, זאָל ער האָבן אַ צייכן: וואוהין די פיס ליגן אויסגעצויגן, דאָרט איז וואַרשע...

און אַזוי איז ער איינגעשלאָפן.

איז פאַרבייגעגאַנגען אַ לץ און געזען, אַז איינער ליגט אויסגעצויגן אינמיטן שליאַך מיטן קאָפּ קיין כעלם און מיט די פיס קיין וואַרשע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ כעלעמער. ער האָט אים אָנגענומען פאַר די פיס און אים אויסגעדרייט פאַרקערט: מיטן קאָפּ קיין וואַרשא און מיט די פיס קיין כעלם...

דער כעלעמער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אויסגעווישט די אויגן און אַ קוק געטון, וואוהין די פיס ליגן אויסגעצויגן, אַהין האָט ער זיך געלאָזט גיין ווייטער.

געגאַנגען איז ער אַזוי אַ האַלבן טאָג צוריק קיין כעלם, זייענדיק זיכער, אַז ער גייט קיין וואַרשע... און פאַרנאַכט איז ער צוגעקומען פאַר די טויערן פון דער שטאָט.

— אָ, וואָס פאַר אַ שיינע שטאָט וואַרשע איז! — האָט ער פון דערווייטנס באַוואונדערט.

ער גייט ווייטער, עס ווערט אים ביסלעכווייז באַקאַנט די מויערן...

— פונקט ווי כעלם! — רעדט ער צו זיך.

ער קומט אַריין אין שטאָט — באַקאַנטע געסלעך...

— פונקט ווי אין כעלם! — האַלט ער אין איין וואונדערן זיך.

ער גייט ווייטער, ער דערזעט די שול.

— אַקוראַט, ווי אין כעלם!...

ער גייט נאָך ווייטער. ער זעט הייזער מיט פריזבעס מיט ציגן אויסגעלייגט.

— פונקט ווי אין כעלם!... עס זאָל פעלן אַ האָר...

ער איז שוין אין זיין אייגן געסל, נעבן זיין אייגענער שטוב.

— פונקט ווי אין כעלם!...

פלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר און זיין ווייב איז אים אַרויס אַקעגן.

— געוואַלט, יידן! — האָט ער נישט מיט זיין קול אויסגעשריגן — אין וואַרשע איז אויך דאָ אַ זלאַטע?...



## ווי אזוי א כעלעמער פאַלט כּורעים...

אַ כעלעמער האָט אַמאָל געפרעגט
איינעם, ווי אַזוי מען פאַלט כּורעים.

— כּורעים — האָט אים יענער דערקלערט — פאַלט מען אויף דער ערד, אויסגעצויגן מיטן קאָפּ צו מזרח און מיט די פיס צו מערב...

אַז ס'איז געקומען אין שול צו כּורעים, האָט גענומען דער כעלעמער און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד פונקט פאַרקערט: מיטן קאָפּ צו מערב און מיט די פיס צו מזרח...

— איר ליגט פאַרקערט, פעטער! — האָט צו אים איינער געשריגן.

דערהערט: פאַרקערט—האָט ער גענומען און זיך איבערגעדרייט מיטן בויך אַרויף...



## דער כעלעמער קייסער אין די גאָלדענע שיך

כעלם האָט זיך אַמאָל אַרומגע־
קוקט, אַז עס פּאַסט נישט דער קייסער (אַז די וועלט דערציילט אַ מעשה מיט אַ כעלעמער קייסער, האָט כעלם זיכער אַמאָל אַזעלכן געהאַט) זאָל טראָגן פּשוטע שיך, ווי יעדער בשר ודם אַזוי, אַז מ'דערקענט אים גאָרנישט און מען גיט אים נישט אָפּ דעם כּבוד ווי געהעריק. האָט מען געמאַכט וועגן דעם אַ גרויסע אַספּה און

ס׳איז געבליבן, אַז מ׳זאָל אויפנייען דעם קייסער אַ פּאָר גאָלדענע שיך...

איז דער קייסער אַרויס איבער כעלם אין גאָלדענע שיך.

איז דאָך אָבער אין כעלם גרויסע בלאָטעס—האָט די בלאָטע פאַרשמירט די גאָלדענע שיך און מ׳האָט ווידער נישט דערקענט, ווער ס׳איז דער קייסער און ווער ס׳איז נישט דער קייסער.

האָט מען געמאַכט אַ צווייטע אַספה און ס׳איז געבליבן, אַז גאָלדענע שיך מוז דער קייסער טראָגן. אַי די בלאָטע? זאָל מען אים אויפנייען נאָך אַ פּאָר לעדערנע שיך מיט לעכער פון פאָרנט, און די גאָלדענע שיך זאָל ער אַריינשטעקן אין די לעדערנע מיט די לעכער – וועט מען אַזוי אַרום אַרויסזען דאָס גאָלד און מ׳וועט וויסן, ווער ס׳איז דער קייסער און ווער ס׳איז אַ פּשוטער בשר ודם.

האָט מען אַזוי געטון און דעם קייסער אָנגעטון צוויי פּאָר שיך: פון אונטן די גאָלדענע און פון אויבן די לעדערנע מיט די לעכער פון פאָרנט.

איז אָבער אין כעלם תּמיד גרויסע רעגנס און דאָס וואַסער פון די רעגנס איז אַריינגעקראָכן דורך די לעכער צווישן די גאָלדענע און די לעדערנע שיך, און ס׳האָט דעם קייסער שטענדיק געקוואַטשעט אין די פיס...

האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספה און ס׳איז געבליבן, אַז גאָלדענע שיך מוז דער קייסער טראָגן. אַי די בלאָטעס? דאַרף דער קייסער טראָגן די גאָלדענע שיך אַריינגעשטעקט אין לעדערנע שיך מיט לעכער פון פאָרנט, אַז דאָס גאָלד זאָל זיך אַרויסזען... נאָר וואָס דען, אין כעלם רעגנט און דאָס וואַסער קריכט דורך די לעכער צווישן ביידע שיך און עס קוואַטשעט דעם קייסער אין די פיס? איז דאָ אַן עצה: זאָל מען די לעכער פאַרשטעקן מיט שטרוי...

און אַזוי האָט מען געטון...

און אַזוי האָט אַלע טאָג דער קייסער שפּאַצירט איבער כעלעמער גאַסן אין גאָלדענע שיך, אַריינגעשטעקט אין לעדערנע

שיך מיט לעכער פון פאָרנט, און די לעכער זענען געווען פאַרשטעקט מיט שטרוי...

אַלע האָבן דערקענט, אַז דאָס גייט דער כעלעמער קייסער און מ'האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד...



## ווי אַזוי מען האָט געשלעפּט די ביימער פון שפּיץ באַרג אויף צו בויען די שטאָט-שול.

אַז מען איז געגאַנגען אין כעלם בויען די שטאָט-שול, האָט מען געהאַקט די ביימער פון גרויסן באַרג, און מען האָט זיך גוט אָנגעמוטשעט ביים אַראָפּטראָגן אַלע ביימער אויף די אַקסלען פונם באַרג.

איז דורכגעגאַנגען אַ פרעמדער ייד און זיך צעלאַכט:

— שוטים, וואָס איר זענט! צו וואָס דאַרפט איר זיך מוטשען מיט אַראָפּטראָגן די קלעצער פון באַרג? לאָזט אים יעדן קלאָץ, וועט ער זיך אַליין אַראָפּקוילערן.

— ער האָט דאָך רעכט! — האָבן אַלע געעפנט די אויגן און מיט די לעצטע כוחות האָבן זיי צוריק אַרויפגעשלעפּט די קלעצער אויפן שפּיץ באַרג און פון דאָרט זיי אָפּגעלאָזט, האָבן זיי זיך אַליין אַראָפּגעקוילערט און גאַנץ כעלם האָט געזען, וואָס פאַר אַ קלוגע וועלט עס איז נאָך דאָ אויסער כעלם.



# בעלי-בתים טראָגן דעם שמש אויף די הענט ווען צום תהלים

כעלם האָט אַמאָל געהאַט אַ ווינטער אָן שניי. ס'איז שוין געווען נאָך פּורים און קיין שניי האָט מען פאַר די אויגן נישט געזען און קיין שליט-וועג איז נישט געווען. און אַז ס'איז קיין שליט-וועג נישט געווען, האָבן די פויערן נישט געקאָנט צופירן קיין עסנוואַרג אין שטאָט אַריין און ס'איז געווען אַ גרויס יקרות.

פּלוצלינג אין איין אויפדערנאַכט, ערב פסח איז דאָס געווען, האָט אָנגעהויבן פאַלן אַ שניי.

איז אין כעלם געוואָרן שמחה וששון און אַלע האָבן זיך באַהאַלטן אין די הייזער, כדי מיט די פיס נישט קאַליע צו מאַכן דעם שניי.

איז כעלם אָבער געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט:

מילא אַלע בעלי-בתים מיט די ווייבער און קינדער קאָנען זיצן באַהאַלטן אין די הייזער און נישט קאַליע מאַכן דעם שניי — וואָס טוט מען אָבער מיטן שמש פון שטאָט, וואָס גייט פאַרטאָג וועקן דעם עולם צום תהלים, ער זאָל מיט זיינע שטיוול נישט צעטרעטן דעם שניי און קאַליע מאַכן דעם שליט-וועג?

זענען כעלעמער חכמים געפאַלן אויף אַ שכל, און ס'איז געבליבן, אַז כדי דער שמש זאָל נישט צעטרעטן דעם שניי, זאָל ער נישט גיין מיט די פיס וועקן דעם עולם צום תהלים, נאָר פיר בעלי-בתים זאָלן אים טראָגן...



## אָנשטאָט אַ שוסטער אויפגעהאָנגען אַ שניידער

אַ אין כעלם האָט מען אַמאָל פאַרמשפּט אַ שוסטער צום טויט און מען האָט אים געדאַרפט אויפהענגען.

איז קהל געגאַנגען צום גובערנאַטאָר זיך משתדל זיין:

— היות דער שוסטער איז אן איינאונאיינציקער אין כעלם, מער קיין שוסטער זענען נישטאָ און שניידערס זענען דאָ צוויי — זאָל מען אָנשטאָט דעם פאַרמשפּטן שוסטער אויפהענגען אַ שניידער...



## עס מוז שוין זיין אַוודאי אין קראָקע

אַ כעלעמער יונגערמאַן איז געלאָפן צו דער באַן.

— וואָס לויפט איר אזוי אַ פאַרשוויצטער? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך פאָר קיין קראָקע.

— וואָס עפּעס קיין קראָקע?

— פאַרשטייט איר מיך, איך האָב אייערנעכטן פאַרלוירן אַ פינגערל, און אַזוי ווי כעלם שטייט אויף אַ באַרג און קראָקע — אין אַ טאָל, האָט זיך דאָס פינגערל אוודאי אַראָפּגעקוילערט קיין קראָקע, פאָר איך דאָס אַהין זוכן...



# די פּאָדלאָגע אין כעלעמער באָד

אין כעלם האָט מען געבויט אַ באָד. אַז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן גאַנצן בנין און מען האָט געהאַלטן ביים לייגן די פּאָדלאָגע, איז כעלם געבליבן שטיין פאַר אַ האַרבער שאלה:

— וואָס פאַר אַ פּאָדלאָגע זאָל מען מאַכן?

זאָל מען לייגן נישט קיין געהובלעוועטע ברעטער, וועט מען דאָך זיך צעקאַליעטשען די נאַקעטע פיס אין די שטיקלעך האָלץ, וואָס שטעקן אַרויס פון די ברעטער — זאָל מען לייגן געהובלעוועטע גלאַטע ברעטער, וועט מען זיך אויסגליטשן, פאַלן און צעברעכן זיך די קעפּ.

— וואָס טוט מען?

האָט מען געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און מען האָט געפונען אַן עצה:

מען זאָל די ברעטער אָפּהובלעווען און מאַכן גלאַט און מיט דער גלאַטער זייט — לייגן אַראָפּ...



# ער איז נישט פון די שרעקעוודיקע

אַ כעלעמער יונגערמאַן האָט זיך שטאַרק באַרימט מיט זיין העלדישקייט און דערציילט אַזאַ מעשה:

— איינמאָל, אינמיטן דער נאַכט, זע איך אַ גנב קריכט אַריין צו מיר אין שטוב — איך שווייג, דען איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין נישט פון די שרעקעוודיקע.

דער גנב עפנט די שאַנק — איך שווייג.

ער פּאָרעט זיך אין די קליידער — איך שווייג: איך בין גאָר נישט פון די, וואָס האָבן מורא.

ער האַלט שוין ביי די וועש — איך שווייג.

ער בינדט צונויף די זאַכן אין אַ פּעקל — איך שווייג.

אַז איך האָב געזען, ער עפנט דאָס שופלאָד און וויל זיך נעמען צום געלט, האָב איך גענומען און געגעבן אַ געשריי אויס אויפן קול:

— קטאָ טאַם כאָדזי פאָ מאָיעי קאָמאָדזיע!

האָט ער געכאַפּט דאָס פּעקל זאַכן און געמאַכט פּליטה, אַז דער רוח האָט אים גענומען.



## ווי אַזוי מען האָט אין כעלם געלייענט די מגילה

אַרום דער כעלעמער שול איז אַמאָל געוואַקסן בוראַקעס. איז געקומען דעם שבת-גויס ציג און אויסגעריסן אַ בוראַק, איז איינגעפאַלן די שול און אַוועקגעהרגעט די ציג.

איז זיך מישב דער שבת-גוי און גנבעט אַוועק, אויס נקמה פאַר דער דערהרגעטער ציג, די מגילה פון שול, און האָט זיך אויפגענייט פון איר אַ פּאָר הויזן.

ס'קומט פורים, מען גייט לייענען די מגילה—נישטאָ די מגילה.

— וואו איז די מגילה?

האָט מען גענומען זוכן די מגילה, געזוכט און געזוכט, ביז מען האָט געפונען, אַז דער שבת-גוי האָט זי אַוועקגעגנבעט און געמאַכט פון איר אַ פּאָר הויזן.

האָט מען גענומען און אַוועקגעלייגט דעם שבת-גוי אויף דער בימה און פון אים — אַראָפּגעלייענט די מגילה...



# אַ שול אויף וואַטע

אַז כעלם איז געגאַנגען בויען די ערשטע שול, האָט מען גענומען אַריינטראַכטן: וואָס טוט מען, אַז אין שול זאָל ווינטער זיין וואַרעם?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט און געטראַכט און אויסגעטראַכט:

מען זאָל אַרומשלאָגן די גאַנצע שול אינעווייניק מיט וואַטע.



# דער קלוגער משרת

איינער איז געקומען קיין כעלם אויף אַן אכסניה. פאַרן שלאָפן האָט ער געבעטן דעם משרת, ער זאָל אים אויפוועקן פונקט 5 אַ זייגער, נישט שפּעטער, כדי ער זאָל נישט פאַרשפּעטיקן דעם בעל־עגלה.

דריי אַ זייגער ביינאַכט, דער משרת קלאַפּט אין טיר.

— ס'איז שוין פינף דער זייגער? — האָט דער צוגערייזטער געפרעגט בייז.

— ניין, ס'איז ערשט דריי אַ זייגער, — האָט דער כעלעמער געענטפערט — נאָר איך האָב אייך אויפגעוועקט בכיוון, כדי אייך צו זאָגן, אַז איר האָט נאָך צייט צוויי שעה צו שלאָפן...



# ווי אַזוי מען רעכנט אין כעלם

אַ פרעמדער איז אַרייַנגעקומען אין אַ כעלעמער גאַסט-הויז, געבעטן אַ פרישטיק און געפרעגט, וויפיל ער דאַרף באַצאָלן.

— זעמל מיט אייער האָט איר געגעסן, איז 7 גראָשן, — זאָגט אים די בעל-הביתטע — אַ גלאָז טיי מיט מילך האָט איר גע-טרונקען, איז 7 גראָשן. 7 און 7 איז צוזאַמען 11 גראָשן.

— 7 און 7 איז נישט 11, נאָר 14 — זאָגט דער פרעמדער.

— זענט איר אַ חכם — מאַכט זי צו אים — אָט וועל איך אייך ווייזן אַ קלאָרן חשבון, אַז 7 און 7 איז תמיד 11:

אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט מיין איצטיקן צווייטן מאַן, האָב איך פון מיין ערשטן מאַן געהאַט פיר קינדער און מיין איצטיקער מאַן האָט פון זיין ערשטן ווייב אויך געהאַט פיר קינ-דער, און פון אונזער איצטיקער חתונה האָבן מירביידע דריי קינ-דער, אַזוי אַז איך האָב 7 אייגענע קינדער און מיין מאַן האָט 7 אייגענע קינדער און צוזאַמען, אַז מיר ציילן זיי איבער, איז מער נישטאָ ווי 11...



# אַ סימן מובהק

אין כעלם איז אַמאָל געווען אַ גרויסע שרפה. ס'איז פאַרברענט געוואָרן דאָס באָד און ס'איז געווען אַ סך מענטשלעכע קרבנות.

זענען דערנאָך געקומען די ווייבער דערקענען זייערע מענער, כדי עס זאָלן, חלילה, נישט בלייבן קיין עגונות. יעדעס ווייב האָט געדאַרפט זאָגן אַ וועלכן-ס'איז סימן אויף איר מאַן. איינע האָט אָנגעוויזן, אַז איר מאַן האָט געהאַט אַן אָפּגעשניטענעם פינגער. אַ צווייטע האָט געזאָגט, אַז איר מאַן האָט אַ בראָדאַווקע אויף דער האַנט. יעדע איז געקומען מיט איר סימן מובהק, וואָס זי האָט צו באַווייזן אויף איר מאַן.

— און איר וואָס פאַר אַ סימן האָט אויף אייער מאַן? — האָט דער רב געפרעגט אַ יידענע, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די טויטע און נישט געקאָנט דעם מאַן געפינען...

— מיין מאַן איז געווען אַ זאַאיקע! — האָט די יידענע געענטפערט וויינענדיק.

— גייט שוין, גייט, נאַרישע יידענע, וואָס איר זענט — האָט דער רב זיך צעלאַכט — א יין זאַאיקעוואַטער מענטש איז דאָ אויף דער וועלט?...



# כײַן כעלעמער האָבן זיך געבאָדן

כײַן כעלעמער זענען זיך געגאַנגען באָדן אין כעלעמער טײַך. אַז זײ האָבן זיך גוט אויסגעבאָדן און אַרויס פון טײַך, האָבן זײ מורא געהאַט, טאָמער האָט זיך, חלילה, אײנער דערטרונקען — האָט אײנער גענומען איבערצײלן, צי אַלע זענען דאָ. געצײלט: נישט אײנס, נישט צװײ, נישט דרײַ א. א. װ. זיך האָט ער פאַרגעסן צו צײלן. שלעכט, ס'פעלט אײנער, ס'איז דאָ אַכט.

אַלע קוקן זיך איבער, יעדער דערקענט זיך, אַז ער איז דאָ, געװען זענען זײ נײַן און איבערגעצײלט האָט מען אַכט...

האָט אַ צװײטער גענומען צײלן, האָט ער אױך יעדן געצײלט, נאָר זיך אַלײן פאַרגעסן, און עס איז װידער אױסגעקומען אַכט...

האָט אַ דריטער געפּרואװט צײלן, אַ פערטער, אַ פינפטער, יעדער האָט געצײלט און יעדער אײנציקער האָט זיך אַלײן פאַרגעסן צו צײלן און ס'איז אַלץ געװען אַכט...

זיצן זײ די כעלעמער נאַקעטע אױפן זאַמד פונם ברעג טײַך און װײנען.

איז דורכגעגאַנגען אַ פרעמדער, פרעגט ער זײ, װאָס זײ װײנען. דערצײלן זײ אים די גאַנצע מעשה, אַז זײ זענען זיך געגאַנגען באָדן, זענען זײ געװען נײַן און איצט, אַרױסגײענדיק פון טײַך, פעלט אײנער...

האָט דער פרעמדער איבערגעצײלט און זיך צעלאַכט:

— שוטים. עס פעלט פון אײַך קײנער! איר זענט דאָך דאָ אַלע נײַן...

— זײט נישט קײן קלוגער! — האָבן זײ אים מיט די הענט

אַוועקגעמאַכט — מיר אַלע האָבן געציילט איז אויסגעקומען אַכט, און ער איינער האָט איבערגעציילט, איז שוין גאָר ניין...

— ווייסט איר וואָס? — האָט דער פרעמדער זיך אָנגערופן — אַז איר ווילט זיך גוט איבערצייגן אויף זיכער, וויפיל איר זענט דאָ — נאַט אייך אַן עצה: זאָל יעדער איינציקער פון אייך אַריינשטעקן זיין נאָז אין זאַמד אַריין, דערנאָך איבערציילן די לעכער, וועט איר וויסן אויף זיכער, וויפיל איר זענט דאָ...

— גוט! — האָבן אַלע כעלעמער אויסגעשריגן און אַזוי געטון. האָבן אַריינגעשטעקט די נעזער אין זאַמד אַריין, דערנאָך איבערגעציילט די לעכער, איז געווען ניין...

ערשט דעמאָלט האָבן זיי זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען טאַקע דאָ אַלע ניין און קיינער פון זיי איז, חלילה, נישט דערטרונקען געוואָרן און פון גרויס גדולה זענען זיי אַלע אַריינגעלאָפן נאַקעטערהייט אין שטאָט אַריין...



# דער קלוגער שומר

אײנער אַ קלוגער איז אַמאָל געקומען קײן כעלם. װי ער איז אַרױס גאַנץ פרי אין גאַס, דערזעט ער װי כעלעמער שטײען אין די גאַטקעס און װאַרעמען זיך אַקעגן דער זון, האָט ער גענומען שרײען:

— כעלעמער נאַראָנים! כעלעמער נאַראָנים!

האָט מען אים געכאַפּט און אײנגעזעצט אין תּפיסה.

זיצט ער אַזױ אין תּפיסה. דערװײל האָט זיך אים פאַרגלוסט רױכערן, גײט ער צו צו דער טיר, זעט ער עס שטײט אַ שומר. נעמט ער און גיט אים זעקס גראָשן, ער זאָל אים גײן ברענגען טאַבאַק.

האָט דער שומר גענומען די זעקס גראָשן און איז געגאַנגען אים ברענגען טאַבאַק.

דער פרעמדער האָט געזען, אַז קײנער שטײט נישט בײ דער טיר, האָט ער זיך אױפגעהױבן און איז זיך אַװעקגעגאַנגען אַהײם...

אױף מאָרגן איז ער װידער אַרױס אין גאַס און האָט װידער געשריגן:

— כעלעמער נאַראָנים! כעלעמער נאַראָנים!

האָט מען אים געכאַפּט און אײנגעזעצט נאָך אַמאָל אין תּפיסה.

זיצט ער אַזױ און נודיעט זיך. האָט זיך אים װידער פאַרגלוסט רײכערן, גײט ער צו צו דער טיר, זעט ער, דער זעלבער שומר שטײט װאָס נעכטן — נעמט ער און גיט אים װידער 6 גראָשן, ער זאָל אים גײן ברענגען טאַבאַק.

— פע — מאַכט צו אים דער שומר — װאָס מײנסטו, אַז ס'איז דיר נעכטן! איך װעל גײן דיר ברענגען טאַבאַק און דו װעסט דערװײל אַנטלױפן? דאָס װעסטו בײ מיר שױן נישט פועלן. דו װילסט טאַבאַק? גײ און ברענג דיר אַלײן... איך בלײב דאָ!...



# כעלעמער תפיסה

אַז מען האָט איינעם פאַרמשפּט אין כעלם צו תפיסה, האָט מען זיך פאַרלאָזט אויף זיין יושר... מען האָט אים אַריינגעפירט אין אַ צימער, אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און געזאָגט:

„דו ביסט אין תפיסה און טאָרסט פונדאַנען נישט אַוועקגיין, ביז מען וועט דיך הייסן... און יענער האָט געפאָלגט און איז געזעסן אָן אַ שומר, נישט פאַרשלאָסן, ביז מען האָט אים געהייסן אַוועקגיין...

שפּעטער, אַז די וועלט איז זינדיקער געוואָרן און מ'האָט אויפגעהערט פאָלגן... האָט מען ערשט גענומען זוכן אַנדערע מיטלען און אַלץ — אַז מ'זאָל נישט דאַרפן קיין שומר.

אין די ווענט פון כעלעמער תפיסה איז געווען געמאַכט שמאָלע לעכער, אַז נאָר אַ האַנט זאָל קאָנען דורכגיין. פלעגט מען הייסן דעם אַרעסטירטן פון אינעווייניק אַרויסשטעקן די האַנט דורך דער וואַנט אין דרויסן, און פון דער צווייטער זייט האָט מען אים אַריינגעשטעקט אַ בעזים אין האַנט אַריין און געזאָגט: האַלט! און אַזוי ווי דורכשלעפּן צוריק די האַנט מיטן בעזים האָט ער נישט געקאָנט, און אָפּלאָזן דעם בעזים האָט ער אויך נישט געטאָרט, ווייל מ'האָט דאָך אים געהייסן, אַז ער זאָל האַלטן — איז ער אויף אַזאַ אופן געבליבן אַרעסטירט...

ערשט גאָר שפּעטער, אַז די וועלט איז אַזוי זינדיק געוואָרן, אַז יושר איז קיין יושר נישט געווען, וואָרט איז קיין וואָרט נישט געוואָרן, און די אַרעסטירטע האָבן אָנגעהויבן אָפּלאָזן דעם בעזים, אַרויסשלעפּן די האַנט און אַנטלויפן — האָט מען ערשט איינגעפירט אַ שומר ביי דער כעלעמער תפיסה.



# דער כעלעמער אין בריסקער שפּיטאָל

אַ כעלעמער האָט מען געבראַכט מיט אַ זייער קראַנקן פוס קיין בריסק און מען האָט אים אַריינגע־לייגט אין שפּיטאָל צווישן אַנדערע פוס־קראַנקע.

אַז ס'איז געקומען דער דאָקטאָר מיט די פעלדשערס און מען האָט גענומען מאַכן די קראַנקע מאַסאַזשן מיט איינרייבונגען, האָבן זיי געוואַלטיק געשריגן פון ווייטאָג, אַז די קולות האָבן דערלאַנגט דעם זיבעטן הימל. נאָר אַז מען האָט גענומען מאַסאַזשירן דעם פוס פונעם כעלעמער, איז ער געלעגן און האָט גאָר געלאַכט.

אַזוי איז געווען אַלע טאָג.

אַ יונגערמאַן, וואָס איז געלעגן אין שכנות מיט אים און וואָס יעדעס מאָל, ווען מען האָט אים מאַסאַזשירט זיין פוס, האָט ער געוואַלטעוועט פון ווייטאָג, האָט כסדר צוגעזען, ווי דער כע־לעמער ליגט גאָר בהרחבה, בעת מען רייבט אים זיין פוס און נישט נאָר ער טוט אַ קרעכץ נישט, נאָר עס טוט אים ערשט גאָר שטאַרק הנאה, אַז ער לאַכט אַזש... האָט ער זיך איבערגעבויגן צום כעלע־מערס בעט און אים אַ פרעג געטון:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז די מעשה, וואָס אַלע קראַנקע געוואַלטעווען, בעת מען מאַסאַזשירט זיי די קראַנקע פיס, און איר לאַכט גאָר?

— חכם איינער — האָט אים דער כעלעמער געענטפערט — וועלכער שוטה גיט דאָס צו מאַסאַזשירן און צו רייבן אַ קראַנקן פוס, עס זאָל וויי טון? דעם קראַנקן פוס באַהאַלט איך און דעם געזונטן פוס רוק איך אַלע טאָג אונטער דעם פעלדשער, דעם שוטה, און ס'איז אַ מחיה נפשות...



# כעלעמער מנין

אין כעלם זענען זיך צונויפגעקומען צען יידן צו דאַוונען בצבור...

האָט מען גענומען פאַרן דאַוונען איבערציילן, צי ס'איז דאָ ריכטיק אַ מנין.

האָט איינער גענומען ציילן: נישט איינס, נישט צוויי, נישט דריי, נישט פיר, נישט פינף, נישט זעקס, נישט זיבן, נישט אַכט, נישט ניין, און מער איז נישטאָ.

זיך אַליין האָט ער פאַרגעסן צו ציילן.

— נישטאָ קיין מנין! — האָט ער אויסגעשריגן — אָנשטאָט צען, איז גאָר דאָ ניין.

— וואָס הייסט, ס'איז נישטאָ קיין מנין, ס'זענען דאָך געקומען צען? — האָט מען זיך געוואונדערט.

האָט אַ צווייטער גענומען ציילן, אָפּגעציילט ביז ניין און זיך אַליין פאַרגעסן צו ציילן.

— אַלץ ניין, נישט צען.

הקיצור, אַלע צען האָבן געציילט און זיך אַליין האָט קיינער נישט אַריינגערעכנט, און ס'איז אויסגעקומען ניין...

וואָס טוט מען? ווי אַזוי ציילט מען איבער, אַז ס'זאָל זיין צען, מען זאָל קאָנען דאַוונען?

איז מען געפאַלן אויף אַ המצאה: מען זאָל נעמען אַ מולטער מיט ליים און יעדער איינציקער זאָל אַריינשטעקן אין ליים אַ פינגער, וועט ווערן אַ לאָך, וועט מען איבערציילן, וויפיל לעכער ס'איז דאָ אין מולטער, וועט מען וויסן, צי ס'איז דאָ אַ מנין...

האָט מען אַזוי געטון.

איז אָבער געווען איינער אַן אַלטיטשקער, ביי וועמען

ס'האָבן געציטערט די פינגער, האָט ער אָנשטאָט איין פינגער אַריינגעשטעקט צוויי.

מען ציילט איבער, ס'איז דאָ עלף לעכער...

איז דאָך גאָר שלעכט געוואָרן. פריער האָבן אַלע געציילט, איז געווען ניין און איצט איז גאָר אַרויס עלף?

האָט מען געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז יעדער איינער זאָל ברענגען זיין ווייב, וועט מען איבערציילן די ווייבער, וועט מען וויסן, צי ס'איז דאָ אַ מנין...

האָט מען אַזוי געטון.

האָט מען געבראַכט די ווייבער און איבערגעציילט, איז געווען צען...

דעמאָלט ערשט האָט מען זיך איבערצייגט, אַז ס'איז דאָ אַ מנין און זיך געשטעלט דאַוונען...

✖

די דאָזיקע מעשה דערציילט מען אויך פון ווייבער, אַז כעלמער ווייבער האָבן זיך מתקנא געווען אין די מענער און געוואָלט דאַוונען בציבור...



# אַן עצה צו ענגע שטיוול

אין כעלם איז אַמאָל געווען אַ ייִד, וואָס האָט געטראָגן שטיוול. אַזוי ווי כעלם האָט קיינמאָל קיין שטיוול נישט געזען, איז מען זיך צונויפגעלאָפן אויף בייז וואונדער אָנצוקוקן דעם ייִד מיט די שטיוול. דאָס יידל האָט באַלד דערשנאַפּט, אַז ער האָט צו טון מיט גרויסע חכמים, האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז פאַר גוט געלט וועט ער פאַרקויפן די מציאה.

נאָר ווער האָט זיך דאָס געקאָנט פאַרגינען אַזאַ טייערע זאַך? מסתמא דער גביר פון שטעטל.

הקיצור, מען האָט געבראַכט דעם גביר פון שטאָט און ער האָט אָפּגעקויפט די שטיוול פאַר דער גרויסער סומע, וואָס דאָס יידל האָט געפאָדערט.

ווי דער גביר האָט אָנגעטון די שטיוול, האָט ער זיך אַרומגעקוקט, אַז זיי זענען אויף אים צו ענג.

וואָס טוט מען?

האָבן די חכמי־העיר זיך אַוועקגעזעצט איבער די שטיוול, געטראַכט און געטראַכט און געפאַלן אויף אַ שכל, אַז ס'איז נישטאָ קיין אַנדערע עצה, נאָר דער גביר זאָל אָפּשניידן די בּרעגעס פון די שטיוול, וועלן זיי נישט זיין ענג...



# וואָס איז פריער: שחיטה צי בדיקה?

**אַ** כעלמער יונגערמאַן איז אַוועק געפאָרן קיין ווילנע זיך לערנען שחיטה.

נאָך צוויי יאָר, אַז ער איז געקומען צוריק קיין כעלם אַ פאַרטיקער שוחט און געוואָלט זיך נעמען צו דער מלאכה, האָט ער פּלוצלינג פאַרגעסן וואָס צו טון: צי פריער קוילענען, דערנאָך בדקענען, אָדער פריער בדקענען דערנאָך קוילענען.

דערווייל האָט ער דערזען אַ יידענע, וואָס איז אַרומגעלאָפן מיט אַ געפילדער אויף דער גאַס:

— געוואַלד, יידן, מען האָט מיך געקוילעט! געוואַלד, יידן, מען האָט מיך געשאָכטן

לויפט ער צו צו דער יידענע:

— טייערע יידענע, זאָגט מיר, איך בעט אייך, צי האָט מען אייך פריער געשאָכטן דערנאָך געבדקנט, אָדער פריער געבדקנט און דערנאָך געשאָכטן?

זאָגט זי:

— משוגענער ייד איינער, מען זאָל מיך פריער נטיש האָבן געבדקנט, וואָלט איך דאָך נישט געווען געשאָכטן?

פון דעמאָלט אָן דאַט ער שוין געוואוסט, אַז פריער בדקנט מען, נאָך דעם קוילעט מען...



# דער שמש וואַרט אויף פרײַלינג

דער כעלעמער שמש איז געגאַנ־
גען פאַרטאָג וועקן צום תהילים.

אַזוי ווי אין כעלם איז גרויסע בלאָטעס און עס האָט אַ כאַפּ געטון אַ שטאַרק פרעסטל, איז דער שמש איינגעפרוירן געוואָרן מיט די שטיוול אין דער טיפער בלאָטע און נישט געקאָנט אַרויס־קריכן.

מען שטייט אויף אינדערפרי: דער שטאָט־שמש שטעקט אַ פאַרפרוירענער אין דער בלאָטע.

וואָס טוט מען?

האָט מען געמאַכט אַן אספה, געטראַכט און געטראַכט און עס איז געבליבן, אַז אַזוי ווי אַרויסשלעפּן דעם שמש מיט געוואַלט, קאָן מען אים נאָך, חלילה, אָפּרייסן אַ פוס — איז נישטאָ קיין אַנ־דערע עצה, נאָר אים לאָזן אַזוי שטעקן ביז פרײַלינג, ביז דאָס אייז וועט צעגיין, וועט מען אים דעמאָלט אַרויסשלעפּן. און כּדי ער זאָל נישט שטאַרבן פון הונגער, זאָל מען מאַכן אַרום אים אַ מחיצה און דאָס ווייב זאָל אים אַלע טאָג אַהינטראָגן עסן.

און אַזוי איז נעבעך דער כעלמער שמש געשטאַנען אַ גאַנצן ווינטער אַן איינגעפרוירענער אין בלאָטע און געוואַרט אויף פרײַלינג.



## אַ סגולה צו אַ טויבן

אַ כעלעמער האָט געשריבן אַ בריוו מיט זייער געוואַלטיק-גרויסע אותיות.

— צו וואָס שרייבט איר מיט אַזעלכע גרויסע אותיות? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך שרייב דעם בריוו צו מיין פעטער, און מיין פעטער איז, נישט פאַר אייך גערעדט, אַ טויבער... — האָט ער געענטפערט.



## זי זעט כמעט נישט

אַ כעלעמער יידענע איז געקומען קיין וואַרשע צום דאָקטאָר.

— פאַניע דאָקטאָר — האָט זי גענומען וויינען — איך בין קראַנק.

— וואָס איז אייך, יידענע? — האָט דער דאָקטאָר זי גענו-מען באַטראַכטן.

— ס'איז מיר שלעכט, פאַניע דאָקטאָר, איך זע גאָרנישט.

— וואָס הייסט, איר זעט גאָר נישט?

— אָט אַזוי איז דאָס, פאַניע דאָקטאָר, איך זע נעבעך גאָר-נישט. אָט, למשל, פאַניע דאָקטאָר, דאָרט אויף דער וואַנט דאָס טשוועקעלע, איר זעט דאָס? איך-נישט.



## גוט, וואָס דער טאַטע האָט מנצח געווען

אַ כעלעמער שוסטער האָט דער־
ציילט, אַז בעת ער איז געווען אַ קליין יינגל האָבן זיינע טאַטע־מאַמע זיך געקריגט איבער אים. דער טאַטע האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ שוסטער, און די מאַמע — פאַר אַ שניידער. נאָר אַ דאַנק טאַקע גאָט, וואָס דער טאַטע האָט אויסגעפירט, און אים גע־מאַכט פאַר אַ שוסטער. ווארום, ווען די מאַמע וואָלט, חלילה, מנצח געווען און אים געמאַכט פאַר אַ שניידער, וואָלט ער מיט זיין ווייב און קינדער זיכער געשטאָרבן פון הונגער.

— פונוואַנען ווייסטו דאָס?

— ס׳הייסט פונוואַנען איך ווייס? איך האָב דאָך אַ סימן: אָט בין איך שוין דרייסיק יאָר שוסטער און ס׳האָט זיך נאָך איין מאָל נישט געטראָפן, אַז עמעצער זאָל קומען צו מיר אויפנייען אַ מלבוש. אַלע באַשטעלן ביי מיר נאָר שיך...



# אין זאַמאָשטש האָט געטאָגט

אין כעלם זענען מיטאַמאָל קאַליע געוואָרן אַלע זייגערס און די שטאָט האָט נישט געוואוסט מכוון צו זיין די צייט נאָך דער זון נאָך, ווען ליכט-בענטשן וכדומה.

האָט מען אַרויסגעשיקט אויסער דער שטאָט אַ שליח מיוחד, ער זאָל אַכטונג געבן אויף דעם זון-אויפגאַנג, בכדי מען זאָל נאָכן לוח נאָך קאָנען וויסן, ווי האַלט דער זייגער.

איז ער געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און געקוקט אויפן הימל, און אַז ער איז געקומען נישט ווייט פון זאַמאָשטש, האָט די זון אָנגעהויבן שיינען.

האָט ער אָפּגעגעבן אַ שבח צו גאָט, וואָס ער האָט אים מצליח געווען זיין שליחות און זיך געלאָזט צוריק קיין כעלם.

איז ער געגאַנגען צוריק אַ גאַנצן טאָג, און פאַרנאַכט, אַז ער איז געקומען הינטער כעלם, האָבן אים שוין אָפּגעוואַרט די שענסטע בעלי-בתים פון שטאָט מיטן ראש-הקהל.

— וואָס הערט זיך? — האָבן אַלע אים אַרומגערינגלט און גענומען פרעגן.

— אַ גרויסע בשורה האָב איך אייך געבראַכט — האָט ער מיט גדולה אויסגעשריגן — אין זאַמאָשטש האָט היינט געטאָגט.



# אָן איין סימן מאַכט נישט אויס

א כעלעמער מלמד האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויפן דאָרף קויפן אַ בהמה.

איידער ער איז אַרויסגעגאַנגען האָט אים דאָ ווייב געגעבן עטלעכע סימנים, צי די בהמה גיט אַ סך מילך:

— זאָלסט זען, אַז זי זאָל האָבן אַ לאַנגן אייטער, דער עק דאַרף זיין אַ לאַנגער ביז די קנעכל און די הערנער דאַרפן זיין ברייטע און נישט קיין קורצינקע.

— און וואָס זאָל איך טון, אַז איין סימן וועט פעלן?

— איין סימן ווייניקער מאַכט נישט אויס — האָט דאָס ווייב געענטפערט.

איז אַוועק דער מלמד און געבראַכט אַהיים אַן אָקס...

איז אַרויס דאָס ווייב מעלקן — אַ צרה...

— האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר — האָט דאָס ווייב אים געגעבן שעלטן און געוואַלטעווען — דו האָסט דאָך מיר געבראַכט אַן אָקס?

— פונוואַנען ווייסטו, אַז ס'איז אַן אָקס? — האָט ער געפרעגט בתמימות.

— בטלן איינער, וואו זענען דיינע אויגן? — האָט דאָס ווייב געליאַרעמט — זי האָט דאָך גאָר קיין אייטער נישט? כ'האָב דאָך דיר געגעבן סימנים!

— שלאַק איינער — האָט ער גענומען צוריק שרייען — דו האָסט דאָך מיר אַליין געזאָגט, אַז איין סימן ווייניקער מאַכט נישט אויס...



# אַ רב אָן אַ קאָפּ

(וואַריאַנט)

אין כעלם האָט געטראָפן אַ מעשה און דער רב איז פאַרפאַלן געוואָרן. דערווייל האָט מען געפונען הינטער דער שטאָט אַ מענטש אָן אַ קאָפּ און כעלם האָט נישט געוואוסט, צי דאָס איז דער רב און צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ אָדער נישט.

איז מען געגאַנגען פרעגן דעם שמש פון שול, האָט ער גע-ענטפערט: ער ווייסט, אַז דער רב האָט געהאַט אַ באָרד, ווייל אַלע האָר, וואָס זענען אים אַראָפּגעפאַלן פון דער באָרד, פלעגט ער באַהאַלטן אין די גמרות. נאָר צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ — ווייסט ער נישט.

איז מען געגאַנגען פרעגן דעם בעדער, האָט דער בעדער געזאָגט, אַז דער רב האָט געהאַט פּאות, ווייסט ער, ווייל אַלע ערב-שבת און ערב-יום-טוב פלעגט ער זיי וואַשן מיט הייס וואַסער, נאָר צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ — ווייסט ער נישט.

איז מען געגאַנגען פרעגן דער רביצין. האָט די רביצין גע-ענטפערט, אַז זי ווייסט אויף געוויס, אַז דער רב האָט געהאַט אַ נאָז, ווייל אַלע ערב-שבת און ערב-יום-טוב פלעגט זי אים צוגרייטן טאַבאַק אין פושקעלע צום שמעקן. נאָר צי ער האָט געהאַט אַ קאָפּ — ווייסט זי נישט.

און עד-היום איז נאָך פאַר כעלם די זאַך נישט קלאָר גע-וואָרן, צי דער רב האָט געהאַט אַ קאָפּ אָדער ער האָט אינגאַנצן קיין קאָפּ נישט געהאַט...



# דער חילוק פון אַ גביר ביז אַ קבצן

אַ כעלעמער האָט דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַ גביר איז אַ ליגנער און אַ קבצן איז תמיד אַן אָנשטענדיקער מענטש.

— נעכטן בין איך געווען אין וואַרשע — דערציילט ער — בין איך אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג איבער די גרויסע געשעפטן קויפן סחורה. איך קום בײַנאַכט אויף דער אַכסניה, איך גיב אַ קוק — נישטאָ מיין שטעקן.

וואו איז מיין שטעקן?

האָב איך זיך אויפגעהויבן אויף מאָרגן גאַנץ פרי און זיך געלאָזט איבער אַלע רייכע געשעפטן, וואו איך בין געווען נעכטן, און אומעטום, וואו איך האָב געפרעגט: אפשר האָבן זיי געזען מיין שטעקן? האָבן זיי געלייקנט און געזאָגט: ניין. צום סוף בין איך אַריינגעגאַנגען אין קעלער-שטוב צום אָרעמען יידל, ביי וועלכע כ'האָב געגעסן אָוונט-ברויט און אים געפרעגט אויף מיין שטעקן — האָט ער נישט געזאָגט קיין איין וואָרט און מיר באַלד דעם שטעקן אָפּגעגעבן.



## נאַר איינער פון טויזנט

צוויי כעלעמער האָבן זיך אויס-
גערעדט דאָס האַרץ, זיך באַקלאָגט אויף דעם, וואָס ס'איז נישטאָ
קיין פרנסה, מ'איז קראַנק און מ'דאַרף מיטן ווייב און קינדער
אָט אַזוי זיך אָפּמוטשען דאָס גאַנצע לעבן.

— נישט אומזיסט האָבן די חכמים געזאָגט: „נוח לו לאדם
שלא נברא" — בעסער וואָלט געווען דעם מענטשן, ער זאָל אין
גאַנצן נישט געבוירן ווערן — האָט איינער אָפּגעזיפצט.

— אָבער ווער קאָן דערצו זוכה זיין — האָט דער צווייטער
געקרעכצט — אפשר איינער פון טויזנט...



## דער גרעסטער נאַר פון דער גאַנצער וועלט

די וועלט זאָגט, אַז כעלם איז
אַ נאַרישע שטאָט. מען זאָגט אויך, אַז אַ חזן איז אַ נאַר, אַן איני-
דיק איז אַ נאַר און אַ חלום איז אַ נאַר. היינט שטעלט זיך פאָר,
דעם כעלעמער חזנס אינדיקס חלום, וואָס פאַר אַ טאָפּלט געטאָפּל-
טער נאַר עס קומט אַרויס.



## טאַקע אַ נס מן השמים

אין כעלם איז אַמאָל אין אַ פֿינסטערער נאַכט אויסגעבראָכן אַ שרפה. איז זיך די גאַנצע שטאָט צונויפגעלאָפן צום אָרט פון דער שרפה צו לעשן. איז געקומען צו לויפן דער רב אויך. האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ זייט און זיך פֿאַרטיפט אין הויכע מחשבות.

— וואָס טראַכט דער רב? — האָט מען אים געפרעגט.

— איך טראַכט, וואָס פֿאַר אַ נס מן השמים ס׳איז געשען, וואָס ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ שרפה, וואָרום, ווען נישט דאָס פייער פון דער שרפה, וואָלט מען דאָך נישט געזען אין דער פינסטערניש צו לעשן



## דער מלמד אין גענעראַלסקע קליידער

אַ כעלעמער מלמד איז אַמאָל געקומען קיין וואַרשע, פֿאַרפֿאָרן אויף אַ ביליקער אַכסניה אויף נאַלעווקעס און זיך געלייגט שלאָפן אין אַ גרויסן בשותפותדיקן צימער, פֿאַר עטלעכע געסט צוזאַמען.

פֿאַרן שלאָפן-גיין האָט ער געבעטן דעם משרת, ער זאָל אים גאַנץ פרי אויפוועקן, כדי ער זאָל נישט פֿאַרשפּעטיקן דעם צוג.

נעבן זיין בעט איז געשלאָפן אַן אַלטער גענעראַל.

אַז דער משרת האָט אים אויפגעוועקט, איז שוין געווען גע-

ציילטע מינוטן צום צוג. האָט ער געכאַפּט אויף איילעניש זיך אָנ־טון און אָנשטאָט זיינע מלבושים האָט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך די קליידער פון אַלטן גענעראַל און זיך געלאָזט לויפן מיטן פּעקל צום באַן.

אויפן וועג — ער זעט דער נאַכט־וועכטער באַגריסט אים.

— זייער פיין פון זיין זייט — טראַכט ער זיך.

ער גייט וויַיטער — דער פּאָליציאַנט סאַלוטירט פאַר אים פּאָד קאָזיראָק.

— אָט דאָס הייסט אַ גרויסע שטאָט — טראַכט זיך דער כעלעמער — אין כעלם האָט פאַר אים דאָס קלענסטע שייגעצל קיין דרך־ארץ נישט און דאָ אין וואַרשע — אַזאַ כבוד.

ער קומט אויפן באַן, קויפט אַ בילעט דריטער קלאַס און לאָזט זיך גיין צו די וואַגאָנעס. ער זעט: פון אַלע זייטן סאַלוטירט מען אים. אַ זעלנער האָט געכאַפּט דאָס פּעקל ביי אים פון דער האַנט און אים דאָס נאָכגעטראָגן אין וואַגאָן אַריין. ער קומט אַריין אין וואַגאָן — עפנט מען פאַר אים ברייט די ערשטע קלאַס.

שטייט ער אַזוי דער מלמד אין קופּע פון ערשטער קלאַס און טראַכט זיך: לוינט פאַר מיר צו זיין אַ מלמד אין כעלם, וואו אַלע קוקן אויף מיר מיט ביטול, אַז דאָ אין וואַרשע טוט מען מיר אָן אַזאַ כבוד! קום איך אַהיים — מאַך איך נישט קיין שהיות, נעם מיין יענטע קיילע מיט די קינדערלעך און קום קיין וואַרשע, דאַ זיין אַ מלמד.

ווי ער טראַכט אַזוי, האָט ער געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל פון קופּע און אויסגעשריגן אין גרויס שרעק:

— זעט, וואָס פאַר אַ גרויסער נאַר דער משרת איז! איך האָב אים געהייסן ער זאָל מיך אויפוועקן, נעמט ער, דער שוטה, און וועקט גאָר אויף דעם גענעראַל...



# צווייר תקנות

אין כעלם האָט מען געדאַרפט פאַרריכטן די ווייבערשע שול און איבערבויען די שטיגן. האָט דער בעל־מלאכה גענומען און צעוואָרפן די שטיגן פון אונטן אַרויף אַזוי, אַז ווען ער האָט צענומען דאָס לעצטע שטיגל, איז ער געבליבן שטיין אין דער הויך און נישט געקאָנט אַראָפּ...

איז דאָך געוואָרן שלעכט: ווי אַזוי נעמט מען אַראָפּ דעם בעל־מלאכה, אַז די שטיגן זענען צענומען.

האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אַספּה, געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז מען זאָל צונויפטראָגן פון אַלע הייזער די קישנס און אָנלייגן אַ הויכן באַרג ביז אַרויף צו דער ווייבערשער שול. אַזוי אַרום וועט דעם בעל־מלאכה קאָנען אַראָפּ.

נאָר כדי, אַז אַזאַ פאַל זאָל זיך נישט איבערחזרן נאָך אַמאָל, האָט מען געמאַכט אַ תקנה און פאַרשריבן אין פּנקס, אַז שטיגן טאָר מען נישט צענעמען פון אונטן אַרויף נאָר פון אויבן אַראָפּ...

ויהי היום, מאַכט זיך אַ מעשה, אַז מען דאַרף איבערבויען די שטיגן פון מקוה, און אַזוי ווי די שטאָט האָט שוין געוואוסט פון דער תקנה, אַז שטיגן דאַרף מען צענעמען פון אויבן אַראָפּ, האָט דער בעל־מלאכה צענומען די מקוה־שטיגן פון אויבן אַראָפּ אַזוי, אַז ער האָט נישט געקאָנט צוריק אַרויסקריכן.

איז דאָך געוואָרן שלעכט. האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַספּה און גענומען טראַכטן און טראַכטן אַזוי לאַנג, ביז איינער האָט זיך דערמאָנט, אַז ס'איז שוין געווען אַזאַ פאַל מיט צענעמען די שטיגן פון דער ווייבערשער שול, וואו מען האָט אָנגעוואָרפן אַ באַרג מיט בעט־געוואַנט און דעם בעל־מלאכה אַראָפּגענומען.

האָט מען ווידער אַזוי געטון.

פון אַלע הייזער האָט מען צונויפגעטראָגן בעט-געוואַנט און אָנגעוואָרפן אַ גאַנץ הויכן באַרג נעבן דער מקוה. דערנאָך האָט דער שמש אַראָפגעשריגן צום בעל-מלאכה, אַז ער קאָן שוין אַרויס פון מקוה, ווייל עס איז שוין אין דער הויך אָנגעוואָרפן אַ גאַנצער באַרג מיט בעט-געוואַנט...

דער בעל-מלאכה האָט אָבער אַלץ נישט געקאָנט אַרויס, גע-האַלטן אין איין אַרויפשרייען פון מקוה און כעלם האָט נישט גע-וואוסט וואָס צו טון, ביז עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פרעמדער און זיך צעלאַכט:

— שוטים אייגע, וואָס איר זענט! וואַרפט אַראָפ דאָס בעט-געוואַנט אין מקוה אַריין, וועט ער קאָנען אַרויסקריכן.

האָט מען אַזוי געטון און פאַרשאָטן דעם בעל-מלאכה מיט דער גאַנצער מקוה.

כּדי אָבער עס זאָל נישט טרעפן נאָך אַזאַ פאַל, האָט מען ווידער אָנגענומען אַ צווייטע תקנה, אַז שטיגן דאַרף מען צענעמען פון אונטן אַרויף, נישט פון אויבן אַראָפ...



## אין אַן עבור-יאָר זאָגט מען צווייי מאָל...

כעלעמער ווייבער האָבן געהאַט אַלע ימים נוראים אין דער ווייבערשער שול אַ געדינגענעם זאָגער, אַ וואויל-קענער, וואָס פלעגט זאָגן די תחינות מיט די תפילות און אַלע ווייבער פלעגן אים נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט. נאָר אַזוי ווי אַוועקשטעלן אָט אַזוי אַ זכר צווישן די ווייבער, טאָר מען נישט— האָט מען דעם זאָגער אַריינגעזעצט אין אַ פאַס, געמאַכט אַ מחיצה, ער זאָל זיין אָפּגעשיידט פון אַלע ווייבער און פון דאָרט אַרויסזאָגן...

יום-כפור צו כל נדרי, בעת אַלע ווייבער זענען געשטאַנען אַרום פאַס און נאָכגעזאָגט מיט אַ כליפּעריי די „יעלות", איז דורכגעלאָפן אַ קאַץ און אַרויפגעשפרונגען אויפן פאַס.

אַ קאָטאַ! — האָט דער זאָגער אַ געשריי געטון אויף דער קאַץ אינמיטן דער תפילה און אַלע ווייבער האָבן אים נאָכגעזאָגט: אַ קאָטאַ!...

— חנהלע! — האָט איין יידענע זיך אָפּגערופן צו דער צווייטער, ווישנדיק די נאָז — דאַכט זיך מיר, אַז פאַראַיאָרן צו „יעלות" האָבן מיר געזאָגט צוויי מאָל אַ קאָטאַ...

— האָסט פאַרגעסן, פייגעשי קרוין, אַז פאַראַיאָרן האָבן מיר געהאַט אַן עבור-יאָר?... האָט חנהלע געענטפערט—האָט מען דעריבער דאַן געזאָגט צוויי מאָל...



## איבערגערוקט די שול...

כעלם האָט אַמאָל געדאַרפט איבעררוקן די שול, האָט מען נישט געוואוסט, ווי אַזוי מען מאַכט דאָס. האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אַספה, געטראַכט און געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און געפונען אַ מיטל:

אַרבעס...

אַזוי ווי אַרבעס זענען קיילעכיק, האָט מען אונטערגעשאָטן פון איין זייט שול אַרבעס און גאַנץ כעלם האָט גענומען שטופן די שול אַזוי לאַנג, ביז מ׳האָט זי אַרויפגעשטופט אויף די אַרבעס און דערנאָך איז זי שוין אַליין געגאַנגען...



## איבערגעניצעוועט דאָס באָד

דאָס כעלעמער באָד איז אַלט געוואָרן. האָט מען געמאַכט אַן אַספה און גענומען טראַכטן: וואָס טוט מען, אַז מען זאָל האָבן אַ ניי באָד און ס׳זאָל נישט קאָסטן קיין סך געלט?

האָט מען געטראַכט און געטראַכט און מען איז געפאַלן אויף אַן עצה: איבערניצעווען... גאַנץ כעלם מעג איבערניצעווען אַלטע פאַלטנס אויף דער צווייטער זייט און מאַכן זיי פאַר ניי, פאַרוואָס זאָל מען נישט איבערניצעווען אויך דאָס אַלטע באָד?

האָט מען אַזוי געטון.

גענומען און איבערגעדרייט דאָס באָד אויף דער צווייטער זייט אַזוי, אַז די ווענט זענען אויסגעקומען איבעווייניק און די שוויץ־בענק אין דרויסן...



# ווי אַזוי פון דעם כעלעמער חזן איז געוואָרן אַ בהמה...

דער כעלעמער חזן האָט געזען אין אַן אַלטן קבלה־ספר, אַז הושענא רבה נאָך האַלבער נאַכט, ווען די לבנה גייט אַרויס אינמיטן הימל, קאָן יעדער מענטש וויסן זיין גורל, וואָס מיט אים וועט געשען אין דעם יאָר. מען דאַרף נאָר אַ קוק טון אויף דעם אייגענעם שאָטן: איז דער שאָטן אַ גאַנצער, איז אַ סימן, אַז מען וועט האָבן אַ גוט יאָר. איז, חלילה, דער שאָטן אָן אַ קאָפּ, איז אַ סימן, אַז מען וועט דאָס יאָר שטאַרבן. אָן אַ האַנט — איז אַ סימן, אַז מען וועט קראַנק זיין. אַלץ איז אָפּהענגיק פון אייגענעם שאָטן אקעגן דער לבנה...

האָט זיך דאָס דער חזן גוט אריינגענומען אין זינען און האָט געוואַרט אויף הושענא רבה ביינאכט, ער זאָל זיך דערוויסן, וואָס מיט אים וועט דאָס יאָר פּאַסירן.

אז ס'איז געקומען די נאכט פון הושענא רבה, איז דער חזן אוועק אין דער גרויסער שול זאָגן תהלים מיט גרויס כוונה. אז מען האָט געענדיקט דעם תהלים, איז שוין געווען א שעה נאָך א האל־בער נאַכט, פּונקט ווען די לבנה איז ארויס אויפן מיטן הימל. אלע זענען זיך צעגאנגען אהיים, און ער איז געבליבן דער לעצטער. געוואָלט האָט ער, אז ער וועט ארויס אויף דער גאס זיך צוקוקן צו זיין שאָטן, זאָל ער זיין איינער אליין, און קיינער זאָל אים נישט שטערן אזוי, אז ער זאָל זיין זיכער, אז דער שאָטן איז זיי־נער אן אייגענער...

אז ער איז ארויס אויף דער גאס און דערזען די הושענא־רבאדיקע לבנה אויפן הימל, האָט דאָס הארץ אים גענומען שטארק

שרעקן און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס צו טון. כאפן א קוק אויפן שאָטן האָט ער מורא געהאט, טאָמער דערזעט ער זיך אָן א קאָפּ, נישט קוקן — וועט ער דאָך נישט וויסן, וואָס מיט אים וועט דאָס יאָר געשען. הקיצור, דאָס הארץ האָט אים געקלאפּט: יאָ קוקן, נישט קוקן — ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט איינהאלטן און ער האָט מיט האלב-פארמאכטע אויגן געגעבן א קוק אויף זיין שאָטן און דערזען א קאָפּ פון א בהמה (א בהמה איז געשטאנען אין דער זייט און מעלה-גרה געווען, האָט ער דערזען איר שאָטן..)

א טויטער איז ער געבליבן שטיין, דערזעענדיק אין זיין שאָטן דעם קאָפּ פון א בהמה. הענט און פיס האָבן אים גענומען ציטערן און מיט די לעצטע קרעפטן האָט ער זיך צוגעשלעפּט אהיים. ער איז אריינגעפאלן א פארחלשטער אין שטוב און זיך א וואָרף געטון מיט א כליפּעריי אין בעט אריין.

— וואָס איז מיט דיר געשען? — האט די חזנטע גענומען פרעגן און זיך אויך דערשראָקן.

— געוואַלט, איך בין א בהמה! — האָט ער זיך צעשריגן — כ'האָב אליין געזען דעם שאָטן אקעגן דער לבנה. ס'איז היינט הושענא רבה, אליין געזען אין א קבלה-ספר...

אז די חזנטע האָט דערהערט אזעלכע ווערטער, האָט זי אויך אָנגעהויבן גלויבן און גענומען ברעכן מיט די הענט: א בראָך איז מיר געשען! אפשר יאָ... און האָט גענומען אים באטראכטן פון אלע זייטן.

— וואו איז דער שפּיגל? דעם שפּיגל גיט מיר אהער! — האָט ער זיך צעגעוואלטעוועט — לאָמיך זיך אָנקוקן...

אז ער האָט דערזען אין שפּיגל, אז ער איז נישט קיין בהמה, האָט ער זיך אליין נישט בארויקט. דערווייל — האָט ער אליין געטענהט — בין איך נאָך נישט קיין בהמה. איך וועל אָבער געוויס ווערן אַ בהמה, כ'האָב אַליין געזען דעם שאָטן...

אַ גאַנצע נאַכט האָט דער חזן מיט דער חזנטע געהאַלטן אין איין וויינען אויף זייער ביטער אומגליק, און אוי'ף מאָרגן האָט ער באַשלאָסן שוין נישט גיין אין שול אַריין.

— אויב ס'איז מיר באַשערט צו זיין אַ בהמה, זאָל איך זיין אַ בהמה אין דער היים — האָט ער זיך געטראַכט — און טאָמער ווערט ער, חלילה, אַ בהמה אין שול נעבן עמוד, דעמאָלט איז גאָר שלעכט: די בעלי־בתים וועלן פון אים לאַכן און די קצבים וועלן אים קוילענען אויף פלייש און אויפעסן...

אויף מאָרגן אין דער פרי, דער עולם איז געקומען צו הושע־נות אין שול אַריין — נישטאָ דער חזן. מען האַלט שוין ביי „המלך" און דעם חזן זעט מען נישט.

האָט מען אַוועקגעשיקט דעם שמש אים רופן — ער וויל נישט גיין, ער האָט מורא.

איז געקומען דער שמש נאָך אַמאָל מיט אַ געוואַלט, אַז מ'האַלט שוין ביי „המלך" און טאָמער קומט ער נישט דאַווענען, וועט מען אים אָפּזאָגן פון חזנות...

דערהערט אָפּזאָגן פון חזנות, איז אים ווידער שלעכט געוואָרן. דערווייל, ביז וואָס־ווען און ער קאָן נאָך בלייבן אָן פרנסה אויך... איז ער געפאַלן אויף אַ שכל און געזאָגט צום ווייב:

— הער, מיין ווייב! איך גיי אין שול דאַווענען, און דו זאָלסט מיטגיין מיט מיר. נאַ דיר אַ שטריקל, דו זאָלסט אַרויפגיין אויף דער ווייבערשער שול און פון מיר קיין אויג נישט אַראָפּנעמען, און אַז דו וועסט דערזען, אַז איך הויב אָן ווערן אַ בהמה, זאָלסטו באַלד אַראָפּ הינטן אין שול פאַרוואַרפן אויף מיר דאָס שטריקל און מיך באַלד אַוועקפירן אַהיים.

אַז דער חזן איז געקומען אין שול אַריין, האָבן אַלע אויפגע־רעגטע בעלי־בתים אים באַגעגנט מיט זידלעריי, פאַרוואָס ער האָט פאַר־שפּעטיקט. איז ער צוגעגאַנגען צום עמוד אַ דערשראָקענער און אַ האַלב־צעמישטער. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַלע קוקן אויף אים משונהדיק און מען דערקענט אין אים עפּעס... די אויגן האָבן אים אָנגעהויבן שווינדלען, אין האַלז האָט זיך אים דאָס קול פאַר־האַקט און וועלנדיק אויסשרייען דעם „המלך", האָט ער געגעבן אַ געשריי האַמע... און מער איז נישט געגאַנגען און עפּעס אַזוי ווילד, אַז די גאַנצע שול האָט זיך צעלאַכט...

דערהערט, אַז דער עולם לאַכט, האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער האָט אַ ריטש געטון ווי אַ בהמה... איז ער נאָך שטאַרקער צעמישט און צעטומלט געוואָרן. די קונדסים, דערזעענדיק, אַז דער חזן האָט אַ געשריי געטון: „האַמע"... ווי אַ בהמה, האָבן זיי אים אַרומגערינגלט און גענומען ריטשען: מע... מע... מע... עס איז געוואָרן אַ האַרמידער, דער עולם האָט גענומען פּאַטשן אין די שטענדערס און שרייען: נו, נו, פאַר וואָס דאַוונט דער חזן נישט? און דער חזן איז געשטאַנען אַ געליימטער, בלייך ווי די וואַנט און געמאַכט מיטן מויל משונהדיקע העויות, פאַרריסן דעם קאָפּ צו דער ווייבערשער שול און געשריגן ווילד:

- ראַטעווע, יענטע! גיכער דאָס שטריקל!... נעם מיך צו פונדאַנען!

באַלד איז אַראָפּ די חזנטע פון דער ווייבערשער שול, האָט אים פאַרוואָרפן דאָס שטריקל אויפן האַלז און גענומען אים שלעפּן אַהיים מיט אַ יללה:

— ווייי איז צו מיר, וויסט איז אונזער מזל, דער חזן איז דאָך געוואָרן אַ בהמה!

דער חזן האָט זיך נאָכגעשלעפּט דער חזנטע פאַרן שטריקל, און געהאַלטן אין איין ריטשען: האַמע... האַמע... און גאַנץ כעלם איז אים נאָכגעלאָפן...



# כעלעמער בית-הקברות

(אַ מעשה אין פערזן)

## I

כעלם איז אַ שטאָט פון גרויסע נאַראָנים,
און אַז מען שמועסט, איז דאָך וואָר.
דערציייל איך אַ מעשה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן
פאַר הונדערט פופציק יאָר.
כעלם איז דעמאָלט אַ קליינער ישוב געווען, האָט נישט געהאַט קיין אייגענעם חזן, קיין אייגענעם רב.
די וועלט האָט פון כעלם נישט געהערט.
כעלם האָט מיט הרוביעשאָוו פאַרקערט.
און ס׳איז געווען גרויסע צרות:
שבת הגדול און שבת תשובה איז נישט געווען, ווער ס׳זאָל זאָגן אַ דרוש
האָט זיך געטראָפן אַ חתונה, איז הרוביעשאָוו געקומען נאָך רח״ש.

און אויף אַ ברית-מילה ביי אַ בעל-הבית
איז נישט געווען, ווער ס׳זאָל נעמען סנדקאות.
ס׳איז נישט געווען ווער עמען דעם חמץ צו פאַרקויפן.
און מיט אַ שאלה —
האָט מען געדאַרפט קיין רוביעשאָוו לויפן.
ערגער פון ערגער איז אָבער געווען אָן בית-הקברות.
האָט זיך געמאַכט אַ בר-מנן,
האָט ער נעבעך געמוזט אָפּקומען חבוט-הקבר מיט גלגולי-מחילות.

פאָרנדיק פון כעלם קיין הרוביעשאָוו איבער בערגער און גריבער,
און זיך צעטרייסלען און צעברעכן די ביינער מיט די גלידער.
זענען זיך צונויפגעקומען אַלע שטאָט־לייט אויף אַ גרויסע
אַספּה און געגומען טראַכטן:
בכן, עס איז פאַר זיי אַ גרויסער חסרון,
וואָס טויג זיי, זיי זאָלן דאַרפן אַלע נאָכן טויט פאָרן?
אַז זיי וועלן האָבן אַן אייגענעם בית־הקברות,
וועלן זיי דאָס אַלץ פאַרשפּאָרן...
הכלל, האָבן זיי דערלאַנגט אַ בקשה צום גובערנאַטאָר,
ער זאָל זיי זיין מתּיר:
בכן, זיי זענען אויף גרויסע צרות,
ווילן זיי האָבן אַן אייגענעם בית־הקברות.
עס האָט אָפּגעקאָסט פיל געלט.
די חשובי־העיר האָבן זיך פאַר זיי געשטעלט,
חדשים האָבן זיי מיט די שרייבערס געקערט און געפּאָרעט;
פּאָליציי אַליין האָט זיך פאַר דעם געסטאַרעט,
ביז מ׳האָט באַקומען פון גובערנאַטאָר די גוטע חתימה.

## II

איז אין כעלם געוואָרן שמחה וששון.
מ׳האָט גענומען זינגען און טאַנצן אין די גאַסן.
אַ קלייניקייט עפּעס אַן אייגענעם בית־הקברות?
דאַרף מען דאָך שוין גאַנץ הרוביעשאָוו אויף כּפּרות...
באַלד האָט מען אויסגעזוכט אַ פּרה אדומה
און דעם שוחט ר׳ יהודה,
האָט זי געקוילעט אויף אַ גרויסער סעודה.
אויף אַ גרויסן עולם האָט מען זיך געטון ריכטן,
און ביים עסן האָט מען גענומען ברייט פאַרן בית־הקברות
טראַכטן:

אויף וועלכן פלאַץ וועט זיין פאַרן בית-הקברות בעסער?
וואָס פאַר אַ פאַרקאַן
און וואָס פאַראַ שלעסער?
איינער האָט געזאָגט, מען זאָל דעם בית-הקברות מאַכן אויפן שפיץ באַרג.
אַ צווייטער האָט פאָרגעלייגט — ביי אים אויפן גאָרן.
אַ דריטער האָט אָנגעוויזן, אַז ס'וועט זיין אַ גרויסער חסרון:
ווייל טאָמער וועט וועלן אַ מת קומען עמעצן צו חלום,
וועט ער אַראָפּפאַלן און ברעכן דעם קאַרק...
איז שוין גלייכער, זאָגט ער:
— אין מאַרק.
פונקט אין דער מיט.
פאַר יעדן נאָענט און גוט.
איטלעכער אויף זיין משפּחה,
וועט געבן השגחה.
מיט אַ גלעזל קאַווע,
מיט אַ גלעזל טיי,
און אויף אַ געלעגער —
אַ פרישׁ ביסל היי...
איינער איז געקומען מיט גאָר אַ נייעם חלום:
מען זאָל מאַכן צוויי
איינעם אויף אינדערוואָכן
און איינעם אויף שלש רגלים...
אַזוי האָט מען געטראַכט,
אַ האַלבע נאַכט,
געבראָכן די מוחות,
איבער די כּוחות.
יעדער מיט זיין פּלאַן,
מיט זיין עצה.
פּלוצלינג איז אַרויס אַ מאַן מיט אַן אויפטו אַ נייעם.
אַ ריכטיקע עלה:

— ווי אַזוי קאָן מען אויפשטעלן אַ בית־החיים?
— ווי אַזוי קאָן אַ ריין שטיקל פעלד דעם נאָמען בית־
הקברות האָבן,
אַז מ׳האָט אויף דעם נאָך קיינעם נישט באַגראָבן?...
— גערעכט! — האָבן אַלע געשריגן — גערעכט!
עס לייגט זיך אויפן שכל...
אָבער זייט מוחל —
די שאלה איז זייער האַרב:
ווי נעמט מען אַ מת צו דער ריכטיקער מינוט,
אַז גראָד איצט ווײַל אין כעלם קיינער נישט מאַכן אַ שטאַרב!
איז דאָך ווידער נישט גוט.
איז מען געזעסן ווידער געטראַכט און געטראַכט,
אַ גאַנצע נאַכט,
און ס׳איז געבליבן,
אַז כעלם קאָן אויף אַ מת נישט וואַרטן.
אַ בית־הקברות מוז מען באַלד האָבן
אַי, וואו נעמט מען אַ מת צום באַגראָבן?
דאַרף מען זיך געבן מי.
און אויב ס׳וועט נישט זיין הי,
מען וועט נישט קריגן אַ היגן —
דאַרף מען זען פון דער פרעמד פאַר געלט קריגן...

III

און אַזוי איז געבליבן.
האָט מען אויסגעקליבן
צוויי פון די חשובי־העיר.
געדינגען האָט מען אַ פור,
געלט האָט מען צונויפגעזאַמלט נאָך פריער.
מען האָט גענומען ביי יעדערן.
אָרעמע לייט האָבן געבראַכט אַפילו פון די קישנס די פעדערן.

ס'איז געווען אָן אַ שיעור און אָן אַן ערך.
און צדה לדרך.
גאַנץ כעלם האָט זיי באַגלייט.
און מיט אַ ניגון.
ס'זענען מיטגעלאָפן קינדער פון די וויגן.
און אָנגעוואונטשן האָט מען די לייט,
זיי זאָלן זיין מצליח,
אַז גאָרנישט ווייט
אין ערשטן שטעטל זאָלן זיי אַ בר־מינן קריגן.

## IV

הקיצור:
זענען זיי געקומען אין אַ שטעטל,
אַן עיר מצער.
זיך דערפרעגט צו אַ מצבה־קריצער:
צי ווייסט ער נישט עפּעס אַן אופן,
וואו ס'איז דאָ אַ מת צו קויפן.
יענער איז נישט געווען קיין נאַר.
פאַרשטאַנען באַלד, דאָס זענען כעלעמער קלוגע יונגען,
און ווי פיל מען וועט זיך הייסן, וועלן זיי זיך נישט דינגען
מאַכט ער צו זיי:
— איר האָט געטראָפן פונקט ווי אין קאַרב,
גראָד היינט האָט איינער געמאַכט אַ שטאַרב,
און קהל דאַרף דעם הקדש רעפּערירן,
וועט מען אים אַוודאי לאָזן אַרויספירן.
איר וועט אָבער פאַר אים דאַרפן צאָלן אויפן לויט.
האָט עפּעס אַ ווערט געלט אין אַ גרויסער נויט?
האָבן די כעלעמער באַצאָלט, וויפיל מ'האָט פאַרלאַנגט.
די נאַראָנים האָבן זיך אָבער נישט באַקלערט.
אַז מען האַלט זיי פאַר פערד,

אַז מען האָט זיי אַ לעבעדיקן פאַר אַ טויטן פאַרשטעלט...
אַבי בײַ זיי אויסגענאַרט דאָס געלט...
און פון גרויס גדולה
האָבן זיי אים נישט אָנגעקוקט אַפילו.
און אַנטלאָפן, וואו דער פעפער וואַקסט
מיט דעם שיינעם לאַקס...

## ט

ווי זיי זענען אָפּגעפאָרן עטלעכע מייל,
זענען זיי די הערצער אַוועק דערווייל.
זענען זיי אַרײַן אין אַ קרעטשמע טרינקען אַ גלעזל אָקעוויט.
דעם לעבעדיקן בר־מנן איז אויפן וואָגן אויך געוואָרן נישט גוט.

האָט ער זיך געטון טראַכטן:
— איר וועט זיך דאָ אַ שוואַרץ יאָר אויסרעכטן.
איך וועל אייך דאָ אָפּקלאָגן,
וועל אויסדרייען און אָפּקראַצן מיט פערד און וואָגן.
דערנאָך וועט איר מיך מעגן יאָגן
און צום ונתנה־תוקף קלאָגן...
דער בחור האָט נישט לאַנג געקלערט
און אויסגעדרייט און אָפּגעקראַצט מיט וואָגן ן פערד...
די כעלעמער קומען אַרויס,
נישטאָ די פור פאַרן הויז.
פינסטער איז זייער וועלט,
ס'האָט זיי אָפּגעקאָסט אַזוי פיל געלט.
ווי אַזוי קומט מען צו קהל?
קרח מכאן און קרח מכאן...
די לייט קומען צוריק מיט אַ געוואַלט אין קרעטשמע אַרײַן.
איז דער קרעטשמער אויף זיי אויפגעזעסן ווי אויף אַ געפּגרטן פערד:

— אַ בר־מנן לאָזט מען איבער אַליין ?
מען דאַרף אים היטן, ביז מען לייגט אַריין טיף אין דער ערד...
מן הסתם האָט איר אים געלאָזט אַליין איבער,
האָט ער אָפּגעקראַצט קיין קיר״ה אַריבער...

## VI

די כעלעמער זענען אַוועק אַהיים אבל וחפוי ראש.
אין כעלם קוקט מען אויף זיי אַרויס,
ווי אויף משיחן.
קוים זיי זענען געקומען מיט די פיס צו קריכן,
און דערציילט, וואָס מיט זיי האָט געטראָפן.
מילא איז געוואָרן אין כעלם אַ יאָמער און געוויין
עד לשמים.
שלעכט:
זאָל מען ווידער קויפן אַזאַ העלד,
איז נישטאָ קיין געלט.
און צווייטנס — טאָמער מאַכט ער אויך אַ ויברח...
און דאָ איז גרויסע צרות.
מען דאַרף עפענען דעם בית־הקברות —
האָט מען געטראַכט און געטראַכט,
דריי טעג מיט אַ נאַכט.
און מען איז געפאַלן אויף אַ גוטן פלאַן:
עס מוז פון די אייגענע שטאָט־לייט
אַ בר־מנן זיין צו דער צייט...
נאָר אַזוי ווי קיין כעלעמער וויל אויף צו להכעיס פונקט איצט נישט שטאַרבן,
איז דאָ אַ פלאַן:
מען זאָל גוזר־תענית זיין.
אנשים, נשים וטף זאָלן אַזוי לאַנג פאַסטן,

ביז עס וועט זיין אַ היימישער אַריינצולייגן אין קאַסטן...
און געבליבן איז בהסכם כולם:
קודם־כל זאָל מען אויסזאָגן אַכצן מאָל תהלים.
און גאַנץ מעמדות אויסזאָגן,
און די גאַנצע שטאָט זאָל זיך לאָזן מלקות שלאָגן.
און חברה נאַראָנים האָבן גענומען פאַסטן אַזוי לאַנג,
ביז איינער איז געוואָרן קראַנק.
מילא איז געוואָרן אין שטאָט אַ שמחה מיט אַ פרייד
די חברה קדישא איז געקומען גרייט.
דער גבאי שטייט שוין מיט דעם „מעבר יבוק",
און טיילט דער גאַנצער חברה טאַבאַק.
און איטלעכער באַזונדער האָט אים דעם דופק געטון טאַפּן
מען וואָלט שוין אים גערן פון בעט אַרויסכאַפּן.
איינער רופט זיך אָן:
מען דאַרף שוין ליכט ברענען.
אַ צווייטער שלעפּט שוין פון קישן אַ פּענע...
הכלל, זיי זענען איבערן חולה אַזוי לאַנג געשטאַנען,
ביז די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען.
זאָגט איינער:
איך וועל אייך זאָגן שענער:
אפשר וועט ער מאַכן אַ ויברח ווי יענער?
וועל איך אייך זאָגן אַ בייע מאָווע:
מען זאָל אים אַ האַנט צו אַ פוס צו קאָווען.
וועט מען זיין בטוח,
אַז ער וועט מוזן ליגן עד ביאת המשיח...
האָט מען גענומען דעם פּאָרטרעט,
אים אָנגעקאָוועט אויף האַנט און פוס אַ בראַנזלעט.
אים אָפּגעטון זיין רעכט —
און אַ גוטע נאַכט...

## VII

ס'איז נישט אַוועקגעגאַנגען קיין אַכט טאָג —
אַ יאָמער אַ קלאָג.
פּונקט צווישן מנחה און מעריב, אום שבעה עשר בתמוז.
דער טויטער איז געקומען אין בית-המדרש פון בית-הקברות.
אַ שרעק, אַ בהלה אויף גרויס און אויף קליין.
וואָס איז?
עס איז אים נישט היימלעך, זאָגט ער, צו ליגן אַליין...
און ער וועט נישט אַוועקגיין און וואַרטן,
ביז מען וועט אַ צווייטן אָנגרייטן.
איז מען זיך צעלאָפן אין שרעק אַהיים.
אין לעכער און אין שפּאַלטן.
דער טויטער זיצט דריי טעג און גייט נישט אַוועק.
ער זעט, עס נעמט נישט קיין עק.
האָט ער זיך מיישב געווען אַזוי:
האָט צוגענומען די צדקה-פּושקע מיטן „כל-בו“.
אויסגעטרונקען דעם בוימל פון נר-תמיד,
איבערגעדרייט דעם עמוד,
צוגענומען דעם שופר מיט די „שטיקלעך“ פון דער גאַנצער שטאָט...

און אַלע בעזעמלעך פון באָד
און איז נעלם געוואָרן אויף גיך.

איז געגאַנגען קהל און פאַרשריבן די מעשה אין פּנקס-בוך,
און געהאַלטן האָט מען דאָס בסוד,
אַז דער מת האָט אָפּגעקראַצט פון בית-הקברות
און פאַרפאַלן ווי אין בראָד...



אָט אַזעלכע שרעק און צרות,
איז כעלם אויסגעשטאַנען ביים אָפּנעמען דעם ערשטן בית-הקברות.

# צוליב אַ וואַנט-לוח

דער גבאי פון כעלעמער שול איז געווען אין בריסק וועגן מסחר האָט ער, דרך אַגב, איינגע-קויפט אַ גרויסן וואַנט-לוח פאַר דער שול, כדי דער עולם זאָל וויסן ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין אַ גאַנץ יאָר מיט ליכט-בענטשן, וויסן ווען דער מולד איז וכדומה.

איז אויך דער צווייטער גבאי געווען אין בריסק און האָט אויך דאָרט געקויפט אַ וואַנט-לוח פאַר דער שול.

איז געוואָרן אין כעלם אַ טומל: צוויי וואַנט-לוחות, צו וואָס דאַרף מען צוויי?

האָט מען געמאַכט אַן אַספה, געטראַכט דריי טעג מיט דריי נעכט און ס'איז געבליבן, אַז צוליב דעם, וואָס ס'איז דאָ אַן איבעריקער וואַנט-לוח און ס'איז אַ שאָד געלט, זאָל מען צום לוח צובויען אַ נייע שול.

און אַזוי האָט מען געטון.



# דער קלוגער רב און דער שכל מיט די שליסלען

דער כעלעמער רב איז געווען זייער אַ גרויסער חכם. ער האָט אַליין געוואוסט, אַז תמיד, ווען ער צערעדט זיך מיט מענטשן, רעדט ער אָפּט אַרויס גרויסע נאַרישקייטן. איז ער געפאַלן אויף אַ שכל: ער האָט אָפּגעמאַכט מיט דער רביצין, אַז תמיד, ווען מענטשן וועלן קומען און ער וועט זיך שטאַרק צע־רעדן, זאָל זי אַריינקומען און זאָגן: זאָל דער רב געבן די שליסלען פון קאַסטן — וועט ער זיך דערמאָנען, אז ער רעדט נאַרישקייטן און אויפהערן.

איין מאָל זענען זיך צונויפגעקומען צום רב חשובע בעלי־בתים פון שטאָט. דער רב האָט גערעדט און דווקא קלוג גערעדט אַזוי, אַז ער איז אַליין שטאַרק געווען צופרידן פון זיך. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר, עס קומט אַריין די רביצין און גיט אַ זאָג: זאָל דער רב געבן די שליסלען פון קאַסטן.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך — האָט דער רב זיך אָנגערופן צו די חשובע בעלי־בתים — וואָס אַזוינס פאַר אַ נאַרישקייט האָב איך דאָ גערעדט, וואָס די רביצין איז פּלוצלינג אַריינגעקומען און געהייסן, איך זאָל איר געבן די שליסלען פון קאַסטן?...



# פאַרוואָס מען האָט אָפּגעזאָגט דעם כעלעמער שומר אַ הוספה

כעלם האָט אַמאָל דערהערט, אַז משיח קומט, האָט מען מורא געהאַט, אַז ער וועט פאַרבייגיין נעבן כעלם און אין שטאָט נישט אַריינגיין. האָט מען געדינגען אַ שומר, וועלכער איז געשטאַנען טאָג ווי נאַכט אויפן כעלעמער באַרג און אַכטונג געגעבן אויף משיחן — אַז ער וועט דורכגיין, זאָל ער אים אַריינבעטן אין שטאָט.

דערווייל האָט דער שומר זיך אַרומגעקוקט, אַז צען גילדן אַ וואָך איז צו ווייניק אויף צו קאָנען מפרנס זיין אַ ווייב מיט קינדער און ער איז געקומען בעטן פון דער קהלה אַן הוספה.

האָט דער רב אים אָפּגעזאָגט צו געבן אַ הוספה.

— אמת טאַקע — האָט דער רב געזאָגט — אַז צען גילדן אַ וואָך איז פאַרן שומר אַ קליינע שכירות, דערפאַר האָט ער אָבער אַן אייביקע שטעלע.



# דער סימן אין באָד

אַ כעלעמער האָט זיך געפּאַרעט אין באָד. און אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעטון נאַקעט, האָט ער מורא געהאַט, ער זאָל זיך נישט פאַרבייטן מיט אַן אנדערן, האָט ער גענומען אַ רויט שטיקעלע וולישקע און זיך ארומגעבונדן די פיס, כדי ביים אַרויסגיין, אז ער וועט א קוק טון אויפן פוס און דערזען דעם רויטן פאָדעם, וועט ער ווייסן, אז דאָס איז ער.

אז ער איז ארויף אויף דער הויכער באנק זיך שמייסן, האָט זיך דער פאָדעם צעווייקט און איז אראָפּגעפאַלן. א צווייטער כעלעמער האָט אים אויפגעהויבן און מיט אים ארומגעבונדן זיין פוס.

ביים אַרויסגיין פון שוויץ-באָד אָנצוטון זיך די מלבושים, ער גיט אַ קוק — אַן אומגליק, נישטאָ דער רויטער פאָדעם. מען האָט אים פאַרביטן.

האָט ער גענומען לויפן איבער דעם באָד זוכן זיך אַליין.

ער גיט אַ קוק — איינער שטייט מיט אַ רויטן פאָדעם אויפן פוס. ער לויפט צו צו אים און זאָגט:

— אַ גליק, וואָס דו טראָגסט דעם רויטן צייכן! איצט ווייס איך, אַז דו ביסט איך. ווען נישט דער צייכן, וואָלט איך אַוועקגעגאנגען אַהיים אַ פאַרביטענער...



# בעדרייט די חופּה

אין כעלם איז פֿאָרגעקומען אַ חופּה. האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז דער חתן מיט דער כּלה שטיין מיט די פּנימער צו מערב און דאַרפֿן שטיין מיט די פּנימער צו מזרח.

האָט מען גענומען דרייען די חופּה און וויפֿיל מען האָט געדרייט, איז חתן־כּלה אַלץ געשטאַנען מיט די פּנימער צו מערב, נישט צו מזרח.

— שוטים, וואָס איר זענט! — האָט זיך אָנגערופֿן אַ פּרעמ־דער — וואָס דרייט איר די חופּה, דרייט אויס חתן־כּלה!

האָט מען אַזוי געטון און זיך אַרומגעזען, אַז דער פּרעמדער איז גערעכט און מען האָט נישט אויפֿגעהערט איינער דעם צווייטן צו דערציילן, וויפֿיל חכמה ס'איז נאָך דאָ אויף דער וועלט.



# וואו זענען אַהינגעקומען די כעלעמער נאַראָנים

## I

נישט ווייט פון כעלם הינטער דער שטאָט, האָט געוואוינט א ישובניק זייער א קלוג יידל. בערל האָט מען אים גערופן, זענען אים די געשעפטן געגאנגען שלעכט. איז אים איינגעפאַלן א געדאנק:

הנה, אזוי ווי ער האָט כעלם פאר דער נאָז — פארוואָס זאָל ער מיט זיין קלוג קעפל עפעס נישט קאָנען אויסטראכטן אזעלכעס, ער זאָל פון כעלם קאָנען געהאָלפן ווערן ?...

האָט ער זיך מישב געווען, געקויפט אַן אַלט מאָגער פערדל, אַריינגעפאָרן אין שטאָט, זיך אַוועקגעשטעלט נישט ווייט פון שול, אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל און אַוועקגעשטעלט מיטן קאָפּ צום וועגעלע און מיטן הינטן אַרויס, און אַריינגעשטעקט דעם פערדל אונטערן עק אַ גאָלדענעם אימפּעריאַל אַזוי, אַז ס'האָט האַלב אַרויסגעגלאַנצט... און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אין דער זייט צוקוקן, וואָס ס'וועט זיין.

איז דורכגעגאַנגען אַ יידל פון דאַוועגען און דערזען: אַ פערדל שטייט און פון זיין הינטן בלישטשעט אַרויס גאָלד... — איז אים געוואָרן טשיקאַווע די זאַך, וואָס דאָס איז אַזוינס און ער איז צוגעגאַנגען נענטער.

— וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי, פעטער ? — האָט בערל ישובניק זיך אָנגערופן — דאָס איז אַזאַ פערדל, וואָס אַז מען גיט אים פון איין זייט האָבער, גיט עס פון דער צווייטער זייט צוריק גאָלדענע אימפּעריאַלן...

דערזען פאַר זיך אַזאַ אוצר, האָט ער באַלד גענומען אונטערהאַנדלען מיטן ישובניק, ער זאָל אים פאַרקויפן דאָס פערדל.

האָט דערזען אַ צווייטער, אַז מען דינגט זיך עפּעס וועגן אַ פערדל, איז ער אויך צוגעגאַנגען. דערוויסנדיק זיך פון דעם וואונ־דער־פערד, האָט ער געזאָגט, אַז באָר ער וויל דאָס קויפן. איז צוגעקומען אַ דריטער, אַ פערטער, אַ פינפטער — ביז גאַנץ כעלם האָט זיך דערוואוסט פון פערדל, וואָס אַז מען גיט דאָס פון איין זייט האָבער, גיט דאָס צוריק פון דער צווייטער זייט גאָלדענע אימפעריאַלן. ס'איז געוואָרן אַרום ישובניק און זיין פערדל אַ געוואַלטיקער אָנ־לויף, אַ קריגערייי, אַן אַמפּערייי, יעדער איינציקער האָט דאָס געוואָלט פאַר זיך פּאַקן און וויפיל איינער האָט געגעבן, האָט אַ צווייטער געגעבן מער, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מ'האָט זיך צעפּאַטשט און אַראָפּגעבראַכט דעם רב אויפן פּלאַץ.

אַז דער רב איז געקומען אויפן פּלאַץ און דערזען, וואָס עס טוט זיך און איבער וואָס די גאַנצע מחלוקת קומט פאַר, האָט ער נישט לאַנג געטראַכט און אַרויסגעגעבן אַ פּסק, אַז דאָס פערדל טאָר נישט געהערן צו קיין יחיד נאָר צו דער שטאָט־קהלה אַליין, פון וועלכן מען וועט ציען די גאַנצע הכנסה פאַר צרכי־העיר, און האָט באַלד גענומען אונטערהאַנדלען מיטן ישובניק:

— וואָס ווילסטו, בערל, פאַרן פערדל?

בערל האָט זיך געקווענקלט.

— ער וויל דאָס שוין גאָרנישט פאַרקויפן — זאָגט ער.

— דו מוזט דאָס, בערל, פאַרקויפן: אונזער שטאָט־קהלה איז אָרעם, גאָט אַליין האָט דיך צוגעשיקט — האָט דער רב אים גע־נומען איינרעדן.

— אויב אַזוי, טאָ וויל איך פאַר דעם פערדל פינף הונדערט קערבלעך.

— דערהערט פינף הונדערט קערבלעך, האָט דער רב אים אָפּ־געסילוקט דאָס געלט און צוגענומען דאָס פערדל.

באַלד האָט כעלם געמאַכט אַ גרויסע אַספּה און גענומען טראַכטן, וואו מען שטעלט אַוועק דאָס פערדל. איינער האָט געזאָגט, מען זאָל דאָס אַוועקשטעלן ביים רב אין שטוב; אַ צווייטער האָט פאָרגעלייגט, מען זאָל דאָס אַריינפירן אין דער

ווייבערשער שול. הקיצור, מען האָט געטראַכט און געטראַכט און ס'איז געבליבן, אַז מען זאָל אויסגראָבן אויפן שול־הויף אַ טיפן גרוב, אַראָפּלאָזן אַהין דאָס פערדל און מאַכן פון פאָרנט אַן אָרט אויף אַראָפּשיטן האָבער און פון דער צווייטער זייט — אַ טיף אָרט אויף די אימפּעריאַלן...

האָט מען אַזוי געטון: אויסגעגראָבן אויפן שול־הויף אַ טיפן גרוב, אַראָפּגעלאָזט דאָס פערדל און געוואַרט דריי טעג, אַז ס'זאָל זיך אָנקלייבן אַ סך אימפּעריאַלן.

אויפן דריטן טאָג האָט מען געמאַכט ווידער אַן אַספה: ווער מען זאָל אַראָפּלאָזן אין גרוב צונויפנעמען די אימפּעריאַלן, און ס'איז געבליבן, אַז קיין אַנדערן קאָן מען נישט פאַרטרויען, נאָר דעם רב אַליין. האָט מען גענומען דעם רב און אַראָפּגעלאָזט אין גרוב אַריין.

דער רב האָט דאָרט געגראַבלט און געגראַבלט און איז אַרויס מיט גאָרנישט...

האָט מען אויפן רב נישט געוואָלט שטעלן און מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם ראש־הקהל אַליין. האָט ער דאָרט זיך געפּאָרעט אַ היפּש שטיקל צייט און איז אויך אַרויס מיט גאָרנישט...

אַזוי די מעשה? — איז געוואָרן אין כעלם אַ טומל — איז בערל דער ישובניק אַ רמאי? אָפּגענאַרט גאַנץ כעלם? אַנו, צום ישובניק אַהיים! און דער רב מיט צוויי גבאים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום ישובניק אונטער דער שטאָט כדי אים עוקר מן השורש זיין...

## II

דער ישובניק האָט גוט געוואוסט, וואָס אין כעלם קומט פאָר, און אַז אַ ליאַדע מינוט וועט ער האָבן ביי זיך דעם רב מיט די גבאים — האָט ער באַטראַכט אַ ניי שפּיצל:

אַזוי ווי ער האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב צוויי קראָליקעס, האָט ער איין קראָליק געגעבן דעם ווייב און איר אָנגעזאָגט, אַז באַלד ווי דער רב מיט די גבאים וועלן אַריינקומען אין שטוב און

פרעגן אויף אים, זאָל זי נעמען דעם קראָליק, עפּענען דאָס פענ-סטער און זאָגן: לויף גיכער, קראָליק, אין וואַלד אַריין און רוף בערלען אַהיים! און באַלד אין דער מינוט וועט ער אַריינקומען פון דער צווייטער טיר מיטן צווייטן קראָליק, וועט דער רבּ מיט די גבאים מיינען, אַז דאָס איז דער זעלבער קראָליק, וואָס דאָס ווייב האָט אַרויסגעשיקט דורכן פענסטער אים רופן פון וואַלד, און וועלן דערזען אַ פרישן וואונדער פון קראָליק און פאַרגעסן אין דעם פערד מיט די אימפּעריאַלן...

און כך הוה:

אַזוי ווי דער רבּ איז אַריינגעקומען מיט די גבאים און אַ פרעג געטון מיט כעס: וואו איז בערל? — האָט דאָס ווייב געכאַפּט דעם קראָליק, אים אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין און געזאָגט: לויף, קראָליק, גיך אין וואַלד אַריין און רוף אַהיים בערלען! און אים גיך אַרויסגעלאָזט דורכן פענסטער.

דער רבּ מיט די גבאים האָבן צוגעקוקט דאָס וואונדער, ווי אַזוי דאָס ווייב האָט גערעדט צום קראָליק, אים געשיקט רופן בער-לען, ווי אַזוי דער קראָליק איז גיך אַוועקגעשפּרונגען אין וואַלד אַריין, און נאָך מער זענען זיי פאַרוואונדערט געוואָרן, אַז זיי האָבן דער-זען, ווי בערל איז אַריינגעקומען מיטן קראָליק אויפן אַקסל פון דער צווייטער טיר און אויסגעשריגן:

— אָט בין איך דאָ!

דער רבּ מיט די גבאים זענען נבהל ונשתומם געוואָרן פון דעם, וואָס זייערע אויגן האָבן אַליין געזען...

האָבן זיי אינגאַנצן זיך געמאַכט נישט וויסנדיק פון פערד מיט די אימפּעריאַלן, און ס'איז זיי אַריין אַ נייער געדאַנק אין קאָפּ: אַוועקהאַנדלען ביי בערלען דעם קראָליק...

— בערל! — האָט דער רבּ אָנגעהויבן — מיר זענען געקו-מען צו דיר, דו זאָלסט אונז פאַרקויפן דעם קראָליק. אונזער קהלה איז אָרעם און קאָן קיין שמשים נישט אויסהאַלטן, זענען מיר גע-קומען ביי דיר אַוועקקויפן דעם קראָליק און אים מאַכן פאַר שטאָט-שמש...

בערל האָט זיך ווידער אָנגעהויבן קווענקלען, אַז ער קאָן נישט, ער דאַרף אים אַליין האָבן אויף צו שיקן יעדעס מאָל אַ גאַנג... נאָר אַז דער רב מיט די גבאים האָבן זיך אויף אים שטאַרק אָנגעזעצט, האָט ער אויסגעפּרעסט ביי זיי טויזנט קערבלעך און אַוועקגעגעבן זיי דעם קראָליק.

דער רב מיט די גבאים האָבן צוגענומען דעם קראָליק און אַדעק מיט גרויס גדולה קיין כעלם.

— שוין, איצט דאַרף מען שוין קיין שמשים נישט, האָט מען זיך געפרייט, און אַז דער רב וועט שיקן רופן אויף אַן אספה, וועט דאָס נישט געדויערן שעהן לאַנג: דער קראָליק וועט שנעל ברענגען יעדן צו פירן און ס'וועט קאָסטן ביליקער אויך...

האָט קהל באַלד אָפּגעזאָגט אַלע שמשים און געמאַכט דעם קראָליק פאַר שטאָט-שמש...

אויף מאָרגן האָט געדאַרפט פאָרקומען אַן אספה, האָט דער רב גענומען דעם קראָליק און אים געזאָגט: גיי, קראָליק, רוף אויף אַן אַספה: ר' שאולן דעם גבאי ראשון, דודן דעם גבאי שני, מאיר שמחה דעם בעל טאַקסע, אלי דעם שוחט, מאיר קונציעס. יאָסלען דעם פּאַטשטער, פייסיע דעם חזן, שכנה דעם ליכט-ציער, יואל קאַבאַן, הערשל קיפקע, שמאָניע דעם שניידער און זיסיע האָלאָפּוז, נאָר אויף איין פוס זאָלסטו דאָס מאַכן, דו הערסט? און האָט אים אַרויסגעלאָזט דורכן פענסטער.

ס'איז אַוועק אַ שעה — נישטאָ דער קראָליק, צוויי שעה, דריי שעה, ס'איז שוין פאַרנאַכט — נישטאָ דער קראָליק. שוין נאָך מערב, עס דאַרף שוין פאָרקומען די אספה — נישטאָ קיין קראָליק און נישט קיין אספה...

אויב אַזוי, איז דאָך בערל דער ישובניק גאָר א געוואַלטיקער רמאי — האָט מען זיך אַרומגעקוקט — ווייניק וואָס ער האָט אָפּ-גענאַרט מיטן פערדל, וואָס מאַכט מיט אימפּעריאַלן, האָט ער נאָך אַזוי מיאוס אַריינגענאַרט כעלם מיטן קראָליק דעם שטאָט-שמש...

און דער רב מיט די גבאים האָבן זיך ווידער אַוועקגעלאָזט

צום ישובניק, אש להבה — זיך מיט אים אָפּצורעכענען אַזוי, ווי עס קומט אים פאַר אַזאַ רמאות...

III

בערל ישובניק האָט ווידער גוט געוואוסט, וואָס אין כעלם טוט זיך און האָט שוין אויסגעקוקט, אַז אָט-אָט קומט צו אים ווידער דער רב מיט די גבאים אים מקים פּסק זיין און אָפּצונע-מען ביי אים דאָס געלט — איז ער געפאַלן אויף אַ פרישע המצאה און אָפּגעמאַכט מיטן ווייב, אַז אַזוי ווי מען וועט דערזען פון דערווייטנס דעם רב מיט די גבאים, זאָל זי זיך אַוועקלייגן אויף דער ערד טויט... ער וועט זי באַוויינען דערנאָך וועט ער אַרויס-נעמען פון שענקל אַן איי און וועט אָנקלאַפּן מיט דעם איר אין שטערן, זאָל זי לעבעדיק ווערן און אויפשטיין...

און אַזוי איז געווען...

אַזוי ווי דער רב מיט די גבאים זענען אַריינגעקומען צו בערלען אין שטוב פול גרימצאָרן, נאָר אים אַ לעבעדיקן צו צע-רייסן, האָבן זיי פלוצלינג דערזען, אַ טויטער ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד איבערגעדעקט מיט אַ ליילעך, און בערל שטייט איבערגעבויגן איבער אים און קלאָגט מיט טרערן און שרייט:

— אזא ליכטיקע נשמה, טייערע חנה מיינע! אויף וועמען לאָזטו מיך איבער אויף דער נאַרישער וועלט?

ביים רב און די גבאים איז אָפּגעשטאַנען דער כעס, גע-בליבן זענען זיי שטיין דערשראָקן, באַטראַכט דאָס טרויעריקע בילד און געהאָלפן בערלען וויינען.

פלוצלינג האָט זיך בערל אויפגעהויבן און אויסגעשריגן:

— ניין, דו טאָרסט נישט שטאַרבן, דו האָסט נאָך דיינע זיבעציק יאָר נישט אויסגעלעבט! — ער איז צוגעגאַנגען צום שענקל אַרויסגענומען פון אַ קעסטעלע אַן איי, צוגעגאַנגען צום מת און אָנגעקלאַפּט מיט דעם אין שטערן פון מת, האָט זיך זיין ווייב

אויפגעהויבן און אַוועק א געזונטע און שטאַרקע גלייך אין קיך אַריין...

אַז דער רב האָט דאָס דערזען, האָט ער פאַרגעסן אין פערדל מיט די אימפּעריאַלן און אינם קראָליק, דעם שטאָט־שמש — און האָט אַ זאָג געטון:

— בערל, דו ווייסט נאָך וואָס מיר זענען צו דיר געקומען? מיר ווילן דו זאָלסט אונז פאַרקויפן דאָס איי, וואָס איז מחיה מתים... אונזער קהלה איז אָרעם און די שטאָט קאָן נישט אויסהאַלטן קיין דאָקטוירים מיט רופאים, פאַרקויף אונז בערל דאָס איי!

דער ישובניק האָט פאַרוואָרפן הענט און פיס: ניין, ער קאָן דאָס נישט, ער האָט דאָס בירושה פון עלטער־עלטער זיידן, וואָס האָט דאָס איבערגענומען פון זיין עלטער־עלטער זיידן און אַזוי, כסדר. ס׳שטאַמט נאָך פון די מרגלים. — ניין, איך קאָן דאָס נישט פאַרקויפן!

— דו מוזט דאָס אָבער טון, אויב נישט פאַר אונז, טאָ טו דאָס פאַר אונזער אָרעמער כעלעמער קהלה — האָט דער רב מיט די גבאים זיך געבעטן ביי אים רחמים.

— טאָ וויל איך דערפאַר גאַנצע טויזנט קערבלעך! — האָט דער ישובניק ענדלעך אַרויסגעזאָגט זיין באַגער.

דערהערט טויזנט קערבלעך, האָט דער רב מיט די גבאים נישט געמאַכט קיין שהיות, אים געבראַכט די טויזנט קערבלעך און צוגענומען דאָס איי קיין כעלם.

אין כעלם איז געוואָרן ששון ושמחה. שוין! מ׳האָט שוין קיין מורא נישט פאַרן מלאך־המות. אויף כפרות די רופאים מיט די פעלדשערס. ס׳איז דאָ אַן איי, וואָס איז מחיה מתים...

באַלד האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אספה אויף צו באַטראַכטן, ביי וועמען זאָל מען אַוועקלייגן דאָס איי און ס׳איז געבליבן, אַז ביי קיינעם איז דאָס נישט אַזוי זיכער, ווי ביים רב אַליין און האַלטן זאָל ער דאָס אין דער זילבערנער פושקע, וואו ער האַלט סוכות דעם אתרוג...

און אַזוי האָט מען געטון.

פלוצלינג מאַכט זיך און עס ווערט קראַנק נישט מער און נישט ווייניקער ווי פייגעלע די רביצין אַליין. ס'איז געוואָרן אַ שמחה, אַ פרייד. מ'האָט נישט גערופן קיין פעלדשער, קיין רופא, קיינעם נישט. אַלעמען האָט מען געדאַרפט אויף כפרות, מ'האָט נאָר אָפגעוואַרט, זי זאָל שטאַרבן—וועט מען זי שוין דערנאָך מיטן איי מחיה מתים זיין...

און כך הוה:

זי איז אין אַ גוטער שעה געשטאָרבן. און באַלד ווי מען האָט זי אָפגעהויבן אויף דער ערד, האָט דער רב אַליין גענומען דאָס איי, צוגעגאַנגען און גענומען קלאַפן דער רביצין אין שטערן.

זי רירט זיך נישט. האָט ער גענומען קלאַפן שטאַרקער — אַז זי טראַכט אפילו נישט זיך אַ ריר צו טון... האָט ער גענומען נאָך שטאַרקער קלאַפן אַזוי לאַנג, ביז דאָס איי האָט זיך אינגאַנצן צעבראָכן...

דערזען אַזאַ זאַך, איז די שטאָט שטאַרק אויפגעבראַכט געווען. אַזאַ רמאי, אַ שווינדלער! און באַלד ביי דער רביצינס קבורה אויפן בית החיים האָט מען באַשלאָסן: — „נפש תחת נפש"... און גיין צו בערלען זאָל שוין נישט דער רב, נאָר גאַנץ כעלם.

## IV

אַז גאַנץ כעלם האָט באַלאַגערט בערל דעם ישובניקס שטוב האָט ער זיך שוין נישט געקאָנט אַרויסדרייען פון קהלס הענט. באַלד האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אספה צו באַטראַכטן, וואָס צו טון מיט אים.

סקילה, שרפה, הרג וחנק, שחטן, שטעכן, ברעכן, הענגען, שיסן, בראָטן, ציפּן, רייסן, בייסן — אַזוי פיל מיתות האָט מען פאַר בערלען אויסגעטראַכט און צום סוף איז געבליבן, אַז קיין בלוט זאָל מען נישט פאַרגיסן, נאָר מען זאָל אים ארייַנלייגן אין אַ זאַק און אַרייַנוואַרפן אין טייך אַריין, וועט ער אַליין שטאַרבן...

און אַזוי האָט מען געטון. מען האָט דעם חברה־מאַן אַרײַנ־געלייגט אין אַ זאק און אַוועקגעשלעפּט צום טייך.

מען קומט צו צום טייך — פאַרפרוירן און ס'איז נישטאָ קיין לאָך אין אייז אויף אַרײַנצווואַרפן אים.

וואָס טוט מען? דאַרף מען האָבן אַ האַק.

איז דאָך דאָס אָבער כעלם, איז גאַנץ כעלם אַוועק ברענגען אַ האַק און בערלען האָט מען דערווייל אַוועקגעלייגט אונטער דער בריק פאַרבונדן אין זאַק איינער אַליין.

ליגנדיק אַזוי אונטער דער בריק, הערט ער עס פאָרט דורך אַ פּריץ, איז ער געפאַלן אויף אַ המצאה און אָנגעהויבן שרייען פון זאַק אַרויס:

— ניע כצען ביטש קרולעם? ניע כצען! (איך וויל נישט זיין קיין קייסער).

דער פּריץ האָט דערהערט, אַז עמעצער שרייט פון אונטער דער בריק אַרויס, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם וואָגן, איז אַראָפּ אונטער דער בריק, אויפגעבונדן דעם זאַק און געפרעגט בערלען, וואָס דאָ קומט פאָר און וואָס ער שרייט אַזוי: „ניע כצען ביטש קרולעם"...

דערציילט אים בערל, אַז גאַנץ כעלם האָט זיך פאַרנומען אויף אים און מען וויל אים גאָר מאַכן פאַר אַ קייסער און אַזוי ווי ער וויל נישט, האָט מען אים אַרײַנגעלייגט און פאַרבונדן דאָ אין זאַק, און אַלע צוויי שעה קומט מען צו און מען פרעגט אים, צי ער וויל שוין זיין אַ קייסער...

— און איך אויף דיין אָרט וואָלט יאָ געוואָלט ווערן קייסער — האָט דער פּריץ זיך אָנגערופן מיט חשק.

— ווייסטו זשע וואָס? טאָ קריך דו אַריין אין זאַק, איך וועל דיך פאַרבינדן און אַז מען וועט קומען און דיך פרעגן, צי דו ווילסט ווערן קייסער, זאָלסטו זאָגן: „כצען", וועסטו ווערן קייסער.

— גוט! — האָט דער פּריץ מסכים געווען, אַרויסגעשלעפּט בערלען און איז אַליין אַרײַנגעקראָכן אין זאַק...

בערל האָט דעם זאַק גוט פאַרבונדן און האָט אָפּגעקראַצט מיט פערד און וואָגן.

אַז די כעלעמער זענען געקומען צוריק מיט דער האַק, האָבן זיי באַלד אויסגעהאַקט אין אייז אַ לאָך און אַריינגעוואָרפן אַהין דעם זאַק מיטן פריץ...

## ט

כעלם האָט זיך שוין געהאַט באַרואיקט. פונקט אין אַ חודש אַרום, און ס'האַט זיך איבערן מאַרק באַוויזן אַ פיינע קאַרעטע מיט פריצישע פערד. און פאַרפאָרן איז די קאַרעטע גלייך פאַרן רבס שטוב, פון דער קאַרעטע איז איינער אַרויסגעקראָכן און איז אַריין גלייך צום רב אין שטוב.

מ'קוקט זיך איין — בערל!

— ווי קומסטו אַהער, בערל, פון יענער וועלט?

עס איז געוואָרן אַ צונויפלויף: אנשים, נשים וטף. גאַנץ כעלם האָט באַלאַגערט דעם רבס שטוב, אַלע האָבן געוואָלט זען בערלען דעם ישובניק, וואָס מ'האָט ערשט מיט אַ חודש צוריק אַריינגע- וואָרפן אין טייך אַריין, און הערן, וואָס ער דערציילט עפּעס פון יענער וועלט.

דאָ האָט בערל זיך אַוועקגעשטעלט פאַר גאַנץ כעלם און גע- נומען דערציילן, וואָס מיט אים האָט פאַסירט: אַזוי ווי מ'האָט אים נאָר אַראָפּגעלאָזט אין טייך אַריין, האָט ער באַלד אָנגעטראָפן אויף אוצרות פון גאָלד און זילבער, טייערע שטיינער, בריליאַנטן מיט דיאַמאַנטן און אַזוי ווי ער איז אַראָפּגעפלויגן מיטן קאָפּ אַראָפּ האָט ער מיט די הענט געגראַבלט די טייערע אוצרות, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אָנגעפאַקט פולע קעשענעס און דערנאָך איז ער בשלום אַרויסגעקראָכן דורך דער צווייטער זייט...

דערהערט אַזאַ מעשה, האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אספה און ס'איז געבליבן, אַז אום צו באַזאָרגן די כעלעמער קהלה, זאָל גאַנץ

כעלם זיך לאָזן אויף יענער וועלט נאָך גאָלד מיט זילבער און אבנים טובות...

און טאַקע באַלד צומאָרגנס האָט גאַנץ כעלם, פונם רב ביזן בעדער, זיך אַראָפּגעלאָזט אין טייך אַריין אונטערן אייז, כדי אָנצונעמען זיך אויף יענער וועלט מיט גאָלד, זילבער און טייערע שטיינער פאַר כעלעמער קהלה...



אַזוי אַרום זענען אומגעקומען און פאַרשוואונדן געוואָרן יענע אַלטע באַליבטע כעלעמער נאַראָנים, פון וועלכע די וועלט דער־ציילט זיך דאָס אָן אַזוי פיל שיינע מעשיות און פּרעכטיקע פאָלקס־לעגענדעס.

